הערט אויף צו גריבלען און צו דענקען וועגן אייער „קראנק־הייט". דענקט אָן עפּעס אַנדערש.

זייט תמיד בעשעפטיגט מיט וואָס עס איז. עס זאָל נישט „די צייט אַוועקגעהן פּוסט", ווי עס געשעהט מיט אייך יעצט.

איהר האָט אַן אירטום גלויבענדיג אַז דאָס לעבען איז טרויריג עטצ. דאָס לעבען איז נישט טרויריג און נישט פרעהליך. כ'איז אַזוי ווי מיר זעהען עס. ווען מיר קוקען דאַרויף מיט שוואַרצע אויגענגלעזער, זעהט עס אויס שוואַרץ. מאַנכמאָל מיינט מען ווער ווייסט וואָס פאַר אַ גרויסע געדאַנקען מען זאָגט אַרויס ווען מען בעטראַכט אַלעם פון'ם פּעסימיסטישען שטאַנדפּונקט. אין אמת'ען איז גאָר אָפט אַ פּעסימיסטיש געדיכט פערורזאַכט געוואָרען פון אַ קראַנקען מאָגען, אַן אָבווייכען אָדער אַן אַנדערע אונאָרדנונג אין קערפּער. פּע! — ס'איז טאַקע פּע! אָבער ס'איז אמת! זייט אַ נאָרמאַלע חיה, און די נאַטור וועט לאַכען פאַר אייך, זי וועט זיין פרעהליך. —

שלאָפט ווענינגסטענס זיבען שטונדען, בעסער אַכט שטונדען.

קוקט די מענשען גלייך אין די אויגען. איהר האָט נישט בעגאַנגען קיין שום פערברעכען. כמעט אַלע פון זיי האָבען אָנאַנירט אָדער אָנאַנירען. און דענקט נישט אז זיי דערקענען אייך. מען קען אייך נור דערקענען ווען איהר זייט צוריקגעצויגען און שעמעדיג און פורכטזאַם, דאָס זענען זאָגאַר בעקאַנטע סמנים פון אָנאַניסטען.

מאַכט יעדען טאָג אַ האַלבע שטונדע אָדער ווענינגסטענס 15 מינוט גימנאַסטיקע (עקסערסייז), אַזוי, אַז איהר זאָלט זיך אַנדערש בעוועגען ווי איהר טוט עס ביי דער ארבייט. זעהט אַז אַלע מוסקעלען פון'ם גאַנצען קערפּער זאָלען ווערען געאיבט.

עסט ניט קיין רייצענדיגע, האַרבע, געפּעפּערטע, געזייערטע שפּייזען; עסט ניט צופיעל; עסט נור ווען איהר זענט הונגעריג; עסט ניט און טרינקט ניט נאָהענט צו דער צייט פון שלאָפען־געהען. קיינע אַלקאָהאָלישע געטרענקע (קיין וויין, ביער, בראָנפען), קיין קאַווע, קיין טעע. — צוקייט גוט די שפּייזען. — זעהט צו האָבען רעגעלמעסיגען שטולגאַנג.

# בעהאַנדלונג פון מאַסטורבאַציאָן ביי קינדער

די הויפּטזאַך איז פערהיטונג. די געגענד פון די געשלעכטס־אָרגאַנען זאָל זיין זעהר ריין, טרוקען. ווען עס ציינט זיך עפּיס א רויטקייט אָדער א בייסעניש פון דער הויט אין יענער געגענד, מוז מען עס בעהאנדלען, וויילֿ פון דעם קען ארויסקומען מאסטורבאציאָן. דאָס עסען און טרינקען זאָל זיין איינפאך, מילד, נישט רייצענדיג, נישט צופיעל אויף אמאָל. דאָס קינד זאָל זיין בעשעפטיגט מיט שפּיעל־זאכען אָדער קינדער־ארבייט. מען זאָל גוט אויפפּאסען מיט וואָס פאר א חברים עס געהט ארום. מען זאָל קיין מאָל ניט זיין ווייט פון דעם קינד. מען זאָל זיך ניט שפּיעלען מיט זיינע געשלעכטס טיילען און עס ניט גלעטען אויף דעם הינטער־חלק ווי מאנכע מאמעס טוען אין שפּאָס; דאָס וועקט אויף אַ געוויסען געשלעכטליכען רייץ. מען זאָל בעריהרען די געשלעכטס־טיילען נור אויף אזוי פיעל וויפיעל ס'איז נויטיג צוליעב ריינליכקייט. דאָס קינד פון יעדען אלטער זאָל שלאָפען אליין אין אַ בעט. (אין דער בעציהונג האָט ניט קיין צוטרויען אַפילו צון אייער ברודער). אין אַ צימער אָהן פּארפומען, מיט אסך פרישער לופט; ניט צו ווייך געבעט, ניט אויף פעדערען; עס זאָל אויפשטעהען פון בעט ביים אויפוועקען זיך. דאָס קינד זאָל ניט הערען פון אייך קיין צווייריטיגע ווערטער אָדער „גלייכע ווערטלעך" וועגען געשלעכטס־לעבען; עס זאָל זיך אייך ניט דאכטען אז ס'איז אַן אידיאָט און אז עס פערשטעהט נישט. דאָס קינד זאָל אויך ניט זעהען קיין שום סאָרט געשלעכטליכע ליעבעס־סצענען און איבערהויפּט קיין שום זאַך וואָס קען ביי איהם דערוועקען אויף אַ קינסטליכען אופן די נייגיריגקייט וואָס וואָלט געקומען שפּעטער. אָבער בעהאלט ניט אייער קערפּער אָדער זיין קערפּער פאר איהם אונניצליכערהייט; פיהרט זיך אויף נאטירליך מיט איהם. ווען דאָס קינד שטעלט אייך פראגען וועגען געבוירען־ווערען אָדער געשלעכטס־לעבען עטצ., ענטפערט דעם אמת אין אַן איינפאכער ארט; אָבער ענטפערט נישט מעהר וויפיעל דאָס קינד פערלאַנגט צו וויסען.

ווען איהר האָט אויסגעפונען אז דאָס קינד שפּיעלט זיך מיט די געשלעכטס־אָרגאַנען, טוט עס אזוי אָן, אז עס זאָל ניט קענען צו־

קומען צו זיי. דאָס איז סיי ווי סיי גוט צו טון, אלס פערהיטונגס־מיטעל. ווען עס איז געננוג גרויס צו פערשטעהען וואָס איהר רעדט דערצו, זאָגט איהם מיט גוטען אז ס'איז געפעהרליך דאָס צו טאָן, אז מען ווערט דערפון קראנק עטצ. דאָס העלפט זעהר פיעל מאָל, בפרט נאָך ווען די עלטערען זענען געבליבען גוטע פריינד, ניט קיין דעספאָטען, פון די קינדער, אזוי אַז דיזע גלויבען זיי און האָבען צוטרויען צו זיי. מען דאַרף אויך זאָרגען אַז דאָס קינד זאָל זיך ניט איינהאלטען מיט דעם וואסער אָדער מיט דעם שטול און אויב נויטיג, זאָל מען עס זאָגאר אויפוועקען ביינאכט כדי עס זאָל לאָזען דעם אורין. לוי־ווארמע בעדער מיט קורצע, קאַלטע אָבשפּריצונגען פון גאַנצען קערפּער, יעדען טאָג, וועלען האָבען א בערוהיגענדע וויר־קונג אויף די צורייצטע נערווען. — מאנכעסמאָל איז עס נויטיג דאָס קינד אין גאַנצען אַוועקצונעמען פון דער אומגעבונג אין וועל־כער עס לעבט; אַפילו אַוועקצופאָהרען פון דער שטאָדט אין וועל־כער עס האָט געלערענט די שלעכטע געוואָינהייט, כדי דאָס קינד זאָל ניט מעהר באַגעגענען די שלעכטע חברים. — נור מישענדיג אַ ריכטיגע פיזישע און גייסטיגע ערציהונג קען מען פערהיטען אָדער בעהאנדלען דעם אָנאניזם ביי קינדער.

---

## פּאָלוציאָנען

פּאָלוציאָנען זענען אויספליסע פון זאמען ביים מאן, וואָס קומען פון געשלעכטליכער אונצופריעדענגעשטעלטער אויפרעגונג, זיי עס דורך דירעקטער אויפרעגונג (בעריהרען דעם קערפער פון אַ פרוי), זיי עס דורך פאָרשטעלונגען אָדער חלומות וועגען פערקעהר. ווען מען האָט די פּאָלוציאָנען זעלטען, האָבען זיי קיין שום שלעכטע ווירקונג. ווען מען האָט זיי אָבער אָפט, עפּטער ווי אלע צעהן טעג, אָדער ווי מאנכע האָבען זיי, מעהרערע מאָל אין דער וואָך, זענען זיי שעדליך. דאן שוואכען זיי אָב און רעגען אויף דאָס נערוועז־סעס־טעם. ווען די פּאָלוציאָנען הערען אין גאנצען אויף, בלייבען כמעט קיין מאָל קיינע שלעכטע פאָלגען צוריק. דאָס איז וויכטיג צו וויסען, ווייל די שווינדעל־דאָקטוירעם שרעקען איבער די יונגע לייט, אזוי אַז דיזע דענקען אַז זיי מוזען דערפון

ק ר א נ ק  ב ל י י ב ע ן ; זיי דארפען גיכער גלויבען דעם שרייבער פון דיזע ציילען, ווען ער זאָגט זיי  א ז  א  ד אָ ק ט אָ ר  א י ז  ד ע ר צ ו  ג אָ ר  נ י ש ט  נ ו י ט י ג. די בעהאַנדלונג איז דיזעלבע וואָס איז אויבען אָנגעגעבען געוואָרען פאר מאַסטורבאַציאָן. א חוץ דעם זאָל מען אויפּפאסען אז דאָס בעט זאָל נישט זיין צו ווייך און צו ווארים און אז מען זאָל האָבען פרישע לופט ביים שלאָפען. קאַלטע אָדער קיהלע בעדער ווירקען אָפט זעהר גוט.

---

# זאָרגען פון אַ אינגעל

(פון דר. קאָללינ׳ס, דעם ספּעציאַליסט פון נערווען־קראַנקהייטען, א בוך)

---

ווערטער הערר: —

איך נעם מיר די פרייהייט איך צו שרייבען, כאָטש איך בין נור 17 יאָהר אַלט.

איך וויל אייך פרעגען א פּאָר פראגען, וואָס איך האָף, איהר וועט אזוי גוט זיין מיר צו ענטפערען.

דענקט איהר אז א אינגעל אין מיין עלטער קען האָבען זאמען־פערלוסטע און זאָל נישט וויסען ווען זיי פינדען שטאט? דענקט איהר אז ס׳איז א סמן פון געזונד, אז דער קאַנאַל זעהט אויס נאס? מען האָט מיר אזוי געזאָגט. דענקט איהר ס׳איז נאַטירליך מען זאָל שוויצען ארום די געשלעכטס־אָרגאנען אזוי אז מען זאָל עס קענען בעמערקען? דענקט איהר אז דאָס שוויצען איז גרעסער אין ווינטער? דאָס איז מיין פאַל. דענקט איהר אז ס׳איז נאַטירליך מען זאָל זיך פערקיהלען אין גליך, אזוי ווי מען פערקיהלט זיך אין נאָז — און; דערביי פערלירען אביסעל פליסיגקייט? דענקט איהר אז נאָך געשלעכטליכער ענטוויקלונג פיהלט מען דאָס שוויצען מעהר? — דענקט איהר, אז מען קען פיהלען זיין אייגענעם סקראָטום וואקסען? איך מיין א מין ציהענדעם געפיהל. דענקט איהר אז דאָס שוויצען ווערט פעראורזאכט פון א לאנגע צוזאמענגעצויגענע פאָרהויט? דאָס איז מיין פאַל.

איך קען נישט פערשטעהען וואָס מאכט מיך אזוי נערוועז;

דענקט איהר אז ערגערנים און קאטאר אין דער נאז קענען זיין די אורזאכע? (איך האב א קאטאר אויך).

אייערער, ע װ ע ר ע ט.

ליעבער עװערעט: —

דענקסטו אז עס געהט אימיצען אין דער װעלט אויסער דיך אליין אים מינדעסטען אן, אז די האסט ענטדעקט זיינע געשלעכטס־ארגאנען? אויב דו דענקסט אזוי, האסטו אן אירטום. מיין עצה איז, דו זאלסט עס פערגעסען.

דו פערשטעהסט נישט װאס מאכט דיך אזוי נערװעז, אבער איך דענק אז א פארציע שלעג װאלט דיך געהיילט.

דענקסטו, אז דו ביסט דאס װיכטיגסטע אין דער װעלט? װייסטו אז דו װאלסט געקענט זיין א גליקליכער יונגעל װעז דו װאלסט זיך בעשטראפט נישט צו עסען איין מאלצייט יעדעס מאל װאס דו דענקסט װעגען דיין קערפער?

דענקסטו אז דו קענסט אויספיהרען אין די נעכסטע פיער יאהר נישט צו דערמאנען דאס װארט א י ך? זעה זאלסט עס טון. דאס קען דיר זעהר העלפען צום געזונד. דיין...

---

# ביישפילע פון געשפרעכע צװישען א קינד און א קלוגער מאמען

— מאמע, װי אזוי בין איך געקומען צו דיר?

— װאס מיינסטו?

— איך מיין... פון װאנען האסטו מיך?

— א! איך פערשטעה!... איך האב דאך דיך געבוירען.

— װאס הייסט געבוירען?

— דו ביסט ארויס פון מיר.

— פון דיין קערפער?

— יא,

— װאו בין איך געלעגען ביי דיר?

— אין בויך.

— קומען אלע קינדער ארויס פון גרויסע מענשען?

— אלע קינדער קומען ארויס פון זייערע מאמעס.

— און די מאַמעס ?

— די מאַמעס, ווען זיי זענען בייבים, קומען אַרויס פון זייערע מאַמעס.

— און די טאַטעס ?

— די טאַטעס קומען אויך אַרויס פון זייערע מאַמעס.

*　*

*

— מאַמע, פאַר וואָס דאַרפען די בייבים ליגען אין דער מאַמע'ס בויך ?

— זיי דאַרפען דאָרט ליגען, כדי צו וואַקסען. זיי וואַקסען דאָרט ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, ביז זיי ווערען ריכטיגע בייבים און ביז זיי ווערען אַזוי גרויס אַז זיי קענען שוין ניט זיין אינעווייניג.

— און אַז זיי קומען אַרויס פריהער ?

— אַז זיי קומען אַרויס איידער זיי זענען רייף, קענען זיי נישט לעבען, שטאַרבען זיי באַלד. די קינדער זענען אַזוי ווי פּרוכטען. געדענקסטו דעם עפּעלבוים וואָס מיר האָבען געהאַט לעבען אונזער הויז אויף דעם לאַנד ?

— יאָ.

— געדענקסטו נאָך ווען די עפּעל זענען געוועזען קליין, גאַנץ קליין ? זיי זענען געהאָנגען אויף דעם בוים און די זון האָט זיי אויסגעוואַרעמט, דער בוים האָט זיי ערנעהרט, אַריין שיקענדיג פון אינעווייניג דורך פיינע רעהרלעך די שפּייז וואָס ער האָט גענומען פון דער ערד דורך זיינע וואָרצלען, און אַזוי איז יעדעס עפּעלע געוואַקסען און געוואַקסען, און פון גרין איז עס געוואָרען רויטליך און דערנאָך גאַנץ גרויס און שטאַרק רויט. אַזוי וואַקסט אויך אַ קינד אין דער מאַמע'ס בויך. עס קריגט נאַהרונג און וואַרימקייט פון דער מאַמע'ס בלוט.

— מאַמע, איך האָב דיך אַזוי ליעב !

*　*

*

— מאַמע, ווי אַזוי קומען די קינדער אַרויס פון דער מאַמע'ס בויך ?

— זיי קומען אַרויס דורך אַן עפענונג וואָס אַלע פרויען האָבען

צווישען די פיס, און די מאמעס ליידען דערביי זעהר גרויסע שמער־צען.

— שמערצען ?

— יאָ, שרעקליכע... אָבער וואָס ווייסטו, מיין קינד ?

— דו האָסט געהאַט זעהר גרויסע שמערצען... מאמע, איך האָב דיך אזוי ליעב!

*   *

*

— מאמע, א־יאָ, אסתר'ל און פייגעלע און ביילע זענען ליג־נערטעם ?

— פאר וואָס פרעגסטו מיך דאָס ?

—איך האָב זיי דערצעהלט ווי אזוי קינדער קומען אויף דער וועלט און ווי אזוי זיי וואקסען אין דער מאמע'ס בויך, האָט אסתר'ל געזאָגט אַז ס'איז נישט אמת. איהר מאמע האָט איהר געזאָגט אז די קינדער קומען ארוים פון'ם שטערן. און פייגעלע האָט געלאכט פון מיר, ווייל זי ווייסט אז די העבאם ברענגט זיי אין איהר לעדער־נעם טאַש; זי זאָגט, זי האָט אַליין געזעהן די העבאם מיט דעם טאַש, ווען זי האָט געקראָגען דאָס קליינע ברודעריל. און ביילע'ן האָט איהר גרויסע שוועסטער געזאָגט אז מען נעמט די קינדער ארוים פון א הויפטעל קרויט.

— דאָס אלץ איז נישט אמת, אָבער זיי זענען נישט שולדיג, מיין קינד. מען האָט זיי אַלע געזאָגט ליגען.

— די מאַמעס האָבען זיי געזאָגט ליגען ?

— יאָ, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט זיי צו זאָגען דעם אמת.

— פאר וואָס, מאמע ?

— ווייל זיי זענען נאראָנים. זיי האָבען מורא אז די קינדער וועלען ווערען שלעכט, ווען זיי וועלען וויסען דעם אמת.

*   *

*

— מאמע, איך ווייס פאר וואָס ביילע'ס מאמע איז געלעגען אין בעט ווען ביילע האָט געקראָגען דאָס קליינע ברודעריל.

— פאר וואָס ?

— ווייל דאָס ברידעריל איז געקומען פון ביילע'ס מאמע'ס בויך און די מאמע האָט געהאַט גרויסע שמערצען.

— יאָ, מיין קינד.

— און איך ווייס שוין פאר וואָס ביילע'ס מאמע האָט געהאַט א גרויסען בויך איידער דאָס בייבי איז געבוירען געוואָרען.

— פאר וואָס ?

— ווייל די בייבי איז געוועזן אינווייניג און עס איז גע־וואקסען.

— יאָ, מיין קינד.

* *
*

— מאמע, פאר וואָס וויל נישט ביילע'ס מאמע אויסזאָגען ביילע'ן דעם אמת ווי אזוי זי האָט געהאַט דאָס בייבי ?

— ווייל זי איז אַ נאַר. אָבער זי איז נישט שולדיג ; מען האָט זי געלערענט אז זי דארף נישט אויסזאָגען.

— ווער האָט זי אזוי געלערנט ?

— איהר מאמע.

— און ווער האָט עס געלערנט איהר מאמע ?

— איהר מאמע'ס מאמע... און אזוי ווייטער. אַלע מאמעס און טאַטעס דענקען אז זיי דארפען זיך שעמען ווען א פרוי האָט א קינד.

— ביילע'ס מאמע שעמט זיך ?... הא, הא, הא !

— וואָס לאכסטו אזוי, מיין קינד ?

— ווייל זי שעמט זיך. עס איז דאָך אזוי שען צו האָבען א קינד און צו זיין א מאמע !

* *
*

— מאמע, ווי אזוי וואקסען אויס די קעצעלעך ?

— זיי וואקסען אין דעם בויך פון זייער מאמען, די גרויסע קאַץ. האָסטו נישט געזעהען ווי דער בויך פון אונזער קאַץ איז גרע־סער געוואָרען ? זי וועט באַלד האָבען קעצלעך. אזוי וואקסט אויך דאָס קעלביל אין דעם בויך פון זיין מאַמען, די קוה ; און אזוי טראָגען

די שאָף זייערע לעמעלעך, די הונדינעס זייערע הינטעלעך און אזוי
ווייטער.

— און די קאַץ וועט אויך האָבען גרויסע שמערצען, ווען זי
וועט האָבען א קעצעלע ?

— יאָ, מיין קינד, כאָטש ניט אזעלכע גרויסע ווי א פרוי.

* *

*

— שוין, מאמע, זי האָט זיי שוין געהאַט !

— ווער, וואָס ?

— די קאַץ האָט געהאַט קעצעלעך אין קעלער.

— דו האָסט זיי געזעהן ?

— יאָ, זיי זענען אזוי קליין ! פאַר וואָס האָט זי געהאַט פיער
אויף איין מאָל ?

— אזוי געבערען די קעץ. נישט אלע חיות זענען אלץ איינס.
די קוה האָט איין קעלבעל אויף איין מאָל ; די פרוי אויך. אָבער עס
טרעפט זיך אז א פרוי זאָל האָבען צוויי קינדער אויף איין מאָל.

— גיב מיר א שטיקעל ברויט, וועל איך געבען די קעצעלעך.

— ניין, מיין קינד זיי דארפען נישט דיין ברויט און זיי קענען
עס נישט עסען. זייער מאַמע, די קאַץ, גיט זיי מילך פון איהר ברוסט,
ביז זיי וועלען ווערען גרעסער.

— דאָס איז דאָך אזוי ווי ביילע׳ס מאמע, וואָס האָט געזויי־
גען איהר בייבי !

— יאָ, מיין קינד און איך האָב דיך ערנעהרט פון מיין ברוסט,
ווען דו ביסט געוועזן א בייבי.

— מאמע, איך האָב דיך אזוי ליעב !

* *

*

— מאַמע, קומען אַלע חיות פון זייער מאַמע׳ס בויך ?

— אַלע ; אָבער נישט אויף דעמזעלבען אופן. א סך חיות
טראָגען די בייבים נישט אין גאנצען אוים. זיי טראָגען בלויז די
אייער און דערנאָך ווארעמען זיי אוים די אייער אונטער זייער קער־
פער. די הוהן לעגט אייער און שפעטער זיצט זי אויף זיי מעהרערע
טעג, זי ווארעמט זיי אוים אונטער איהרע פעדערען, אזוי לאנג

ביז די קליינע היהנדלעך ווערען רייף און צוברעכען די אייער פון אינעווייניג. דענסטמאָל געהען זיי ארוים. אזוי טוען אלע פעגעל.

— אָ, ווי שען!

— עס זענען דאָ נאָך אנדערע חיות וועלכע קומען פון אייער. אָבער נישט אַלע ווערען אויסגעווארעמט פון זייערע מאמעס. א סך ווערען אויסגעווארעמט בלויז פון דער זון.

— אָבער די היהנער האָבען נישט קיין בריסט און קיין מילך.

— ניין, מיין קינד, זיי לערנען זייערע קינדער עסען קליינע קערנדלעך און אנדערע זאכען. די חיות וואָס געבערען קינדער, געבען זיי צו זויגען. די חיות וואָס לעגען אייער, געבען זייערע קינדער נישט צו זויגען.

— מאמע, פון איצט אָן וועל איך נאָכקוקען אלע לעבעדיגע זאכען! ס'איז אזוי שען צו וויסען אלץ וועגען זיי!

*   *
*

—מאמע, דו האָסט מיר געזאָגט אז די עפּעל זענען די קינדער פון די עפּעלבוימער. האָבען די עפּעל בלויז א מאמע?

— ניין, מיין קינד, אין דעם עפּעלבוים געפינט זיך דער טאטע און די מאמע צוזאמען.

— אין איין בוים?

— יאָ, אין איין בוים. דו גלויבסט נישט? איך וועל דיר דאָס ציינען ווען מיר וועלען זיין אויף דעם לאנד. מוזען דען אלע לעבעדיגע וועזען זיין אלץ איינס? אָט קענען די בוימער נישט אוועקגעהן פון דעם אָרט וואו זיי וואקסען, און מיר, און אנדערע חיות, קענען ארומגעהען, ארומפליהען, ארומשווימען. אָבער עס זענען אויך פאראן בוימער און אנדערע פלאנצען ביי וועלכע דער טאטע און די מאמע געפינען זיך נישט צוזאמען, אין דערזעלבער פלאנצע, אין דעמזעלבען בוים.

— ווי אַזוי זשע העבט אָן דאָס עפּעלע צו וואַקסען ווען עס איז נאָך גאַנץ קליין?

— אָט זעהסטו דאָ אַ בילד פון אַ בלום פון אַן עפּעלבוים: שפּעטער, אין פריהלינג, ווען די צייט פון בליטען און צוויטעווען ביי די עפּעלבוימער וועט קומען, וועלען מיר אין אַ זונטאג אַרויספאָה־

רען פון דער שטאָרט און איך וועל דיר ווייזען די בלומען פון די עפּעלבוימער. דערווייל מוזטו זיך בעגניגען מיט דעם בילד. אָט דאָס זענען די מענליכע טיילען, דאָס הייסט די פאָטערישע טיילען, אָט דאָס איז דער ווייבליכער טייל, דאָס הייסט דער מוטערישער טייל. און פון דעם מענליכען טייל געהט ארויס אָט דער פיינער געלער שטויב און געהט אריין אין דעם ווייבליכען טייל. דיזער פיינער שטויב איז אָבער צונויפגעזעצט פון גאַנץ קליינע קערנדליך, וועלכע געהען נישט אלע אריין אין דעם ווייבליכען טייל. ווען אַזאַ קערנדעל שטויב איז אריין אין דעם מוטערישען טייל, העבט זיך אָן דאָרט אַ גרויסע אַרבייט, אַ שטאַרקע פערענדערונג. דאָס איז דער אָנפאַנג פון דעם וואַקסען פון דעם קינד.

פון וועלכען קינד?

— פון דעם עפּעלע!

— אָה, איך פערשטעה. און אין דעם אָרט וואַקסט טאַקע אויס דער גרויסער עפּעל?

— יאָ.

און די קליינע מאַמעלעך און טאַטעלעך פון דעם עפּעל געהען צוריק אריין אין בוים?

— ניין, מיין קינד, אַ טייל פון דעם מוטערישען חלק טראָגט דאָס קינד, דעם עפּעל, ביז ער וואַקסט אויס. דער פאָטערישער טייל פאַלט. אַוועק פון דעם בוים אין איינעם מיט דעם איבריגען טייל און אין נעקסטען פריהלינג שפּראָצען ווידער בלומען אַרויס.

— אָה, דערפאַר זעה איך די בלומען פון די בוימער אַראָב־פאַלען! ה'איז אזוי שען: טייל מאָל איז עס ווי אַ שנעע אויף דער ערד.

— יאָ, דו זעהסט עס אין אונזערע שפּאַצירגענגע.

— אָבער, מאַמע, איך האָב נישט געוואוסט וועגען וואָס מען דאַרף די בלומען. איך האָב געדענקט אַז זיי זענען נור פאַר שענ־קייט.

— אַלץ מיין קינד, אַלץ וואָס איז לעבעדיג האָט אַ צוועק, האָט עפּיס אויפצוטון אויף דער וועלט.

*   *
*

— מאַמע, אַ יאָ דו האָסט אַ מוטערישען טייל?

— יאָ, מיין קינד, אַלע מיידעלעך און אַלע פרויען האָבען אַזעלכע אָבטיילונגען אין זייער קערפּער וואָס מאַכען זיי פאַר מאַמעס. נור ביי די מיידעלעך זענען יענע טיילען נישט אין גאַנצען רייף און דערפאַר קענען זיי נישט ווערען קיין מאַמעס.

— וואו זענען די מוטערישע טיילען ?

— טיעף אינעווענינ, אין קערפּער פון דער פרוי, אָבער דער אָנהויב, דער איינגאַנג צו זיי, איז דרויסען.

— אָ, איך וויים, דער איינגאַנג איז די עפענונג צווישען די פים פון וואַנען די קינדער קומען אַרוים.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס ?

— דו האָסט מיר אַליין דערצעהלט אַז די קינדער קומען פון דאָרט אַרוים.

— יאָ, דו האָסט רעכט.

— דו האָסט מיר אויך געזאָגט אַז דאָס קינד וואַקסט אין דער מאַמע׳ס בויך. זענען די מוטערישע טיילען אין דעם בויך ?

— יאָ, מיין קינד, אונטען אין בויך.

— וואו־זשע זענען די פאָטערישע טיילען ביי די טאַטעס ?

— צווישען זייערע פים.

— אָ, איצט פערשטעה איך.

*　*
*

— מאַמע, ביי חיות זענען אויך די טאַטעס און די מאַמעס נישט אין איין קערפּער ?

— ביי די מעהרסטע חיות זענען די טאַטעס פערשידען פון די מאַמעס, אַזוי ווי ביים מענשען. דער האָהן איז אַ טאַטע, די היהן איז אַ מאַמע.

— און די אייער זענען די קינדער ?

— דאָס איי איז דאָס קינד איידער עס איז רייף.

— יאָ, איך וויים אַז די מאַמע, די היהן, וואַרעמט אויס די אייער כדי עס זאָל ווערען פון זיי ריכטיגע בייבים.

— גאַנץ גוט, מיין קינד.

— אָבער ביי די בלומען איז דער מענליכער און דער ווייבליכער טייל נאָהענט איינער פון דעם אַנדערען, איז עס לייכט דעם

געלען שטויב אריין צו געהען אין דעם ווייבליכען טייל. ווי אזוי קען דאָס זיין ביי דעם הוהן און ביי דער היהן ?

— דו האָסט אַ טעות, מיין קינד. נישט ביי אַלע בלומען איז עס אזוי ליכט. ביי מאַנכע פלאַנצען איז דער ווייבליכער טייל, כאָטש אויף דערזעלבער פלאַנצע, ווייט פון דעם מענליכען טייל, און ביי אַנדערע פלאַנצען זענען זיי גאָר אויף גאַנץ פערשידענע ערטער אויף דעם פעלד און אין דעם וואַלד. אַזוי, צוםביישפּיעל, קען איין בוים טראָגען נור ווייבליכע בלומען, און אַן אַנדערער בלויז מענליכע בלומען.

— ווי אַזוי קומען זיי זיך דאַן צונויף ?

— ווי אזוי ? די ביענען, די אינסעקטען, דער ווינד, זיי העלפען דערין ; זיי פערטראָגען דעם געלען שטויב צו די ווייבליכע בלומען. נור וועגען דעם וועלען מיר רעדען אַן אַנדער מאָל... דו האָסט געפרעגט ווי אַזוי עס איז ביי דעם הוהן און ביי דער היהן.

— יאָ, דאָס וויל איך וויסען.

— ביים הוהן איז פאַראַן, אַנשטאַט אַ געלען שטויב, אַ פליסיגקייט, וועלכע קומט אַרויס פון אַן אָרט צווישען די פיס. און דיזע פליסיגקייט געהט אַריין אין אַן אָרט וואָס די היהן האָט צווישען איהרע פיס.

— אָבער ווי אַזוי קומט די פליסיגקייט פון דעם הוהן צו דער היהן ?

— געדענקסטו, ווען מיר זענען געווען אויף דעם לאַנד, פלעגסטו זעהען דעם הוהן אַרויף שפּרינגען אויף דער היהן, און דו פלעגסט איהם תמיד וועלען פערטרייבען ?

— אָה !... דאָס איז עס ?... איך האָב געמיינט אז ער בייסט זי און שלאָגט זי !...

— ניין, מיין קינד, וועהרענד זייערע מענליכע און ווייבליכע טיילען בעריהרען זיך, און דער פּאָטערישער טייל פון דעם הוהן געהט אריין אין דער מוטערישער עפענונג, אומאַרמען זיי זיך און קושען זיך. זיי האָבען זיך ליעב, זיי האָבען דערפון פערגניגען !

— דאָס איז וואונדערבאַר !

ס'איז לייכטער זיך היינט אָבצוגעוועהנען פון שלעכטע געוואָיהנהייטען ווי מאָרגען. — קאָנפוציוס.

# איינינגע אַנאָמאַליען

וואַגיניזם איז אַ קראַמפּף פון דער געגענד אַרום דער שיידע, ביים פערקעהר ; ס׳איז אַ פאָלגע פון אַ שטאַרקער רייצונג פון די פרויען־אָרגאַנען ; דער וואַגיניזים שטערט די פרוי ביים פערקעהר אדער פערהאַלט דאָס גליד, אַזוי אַז ס׳איז עס שווער אַרויסצונעמען. עס קומט פערהעלטניסמעסיג זעלטען פאָר און דאַן ביי ערשט־פער־הייראַטעטע פרויען וואָס האָבען זיך פריהער צופיעל אויפגערעגט אָדער ווען דער מאַן איז צו ברוטאַל און פאָרבערייט נישט די פרוי אויף אַ דעליקאַטען אופן. דאָס בעסטע מיטעל איז אויפצוהערען יעדען פערקעהר און אָבצואוואַרטען עטליכע טעג.

נימפאָמאַני איז אַ צו שטאַרקע און שטענדיגע לוסט פון דער פרוי צום פערקעהר, פערורזאכט פון נישט נאָרמאַלע, צו לאַנגע „קליינע ליפּען" (נימפען) אָדער אַ ניט ריכטיגען קליטאָריס. מאַנכ־מאָל איז אַ קליינע אָפּעראַציאָן נויטיג.

פריאַפּיזם איז אַן א ו נ ג ע ו ע ה נ ל י ך שטאַרקע און שטענדיגע לוסט צום פערקעהר ביים מאַן. די אורזאכע איז אָדער אַ לאָקאַלע אָדער צו פערדאַנקען אַ בעזונדערען צושטאַנד פון דעם נערוועןֹ־סיסטעם. די בעהאַנדלונג איז פערשידען נאָך דעם פּאַ־ציענטען.

סאַדיזם, אַ צושטאַנד אין וועלכען מען קען נישט האָבען קיין פערקעהר ביז מען פּייניגט נישט זיין שותּף ; עס קענען זיין פער־שידענע גראַדען פון סאַדיזם, פון קנייפּען און בייסען, ביז הרג׳ענען.

מאַזאָכיזם, אַ צושטאַנד אין וועלכען מען קען נישט האָבען קיין פערקעהר ביז מען ליידט ניט קיין שמערץ, ביז מען ווערט ניט געפּייניגט פון זיין שותּף.

פעטישיזם, ווען מען רעגט זיך אויף אָדער מען שטעלט זיך צופרידען געשלעכטליך, בלויז זעהענדיג אירגענד אַ זאַך, אַ גע־גענשטאַנד וואָס געהערט דעם אַנדערען געשלעכט. פעטישיסטען זוכען צוצונעמען אַ שוך, אָבצושניידען אַ שטיקעל פון דעם בגד אָדער פון די האָר פון אַ פרוי. עס קען פיהרען צון אַ פערברעכען.

עקסהיביציאָניזם, דאָס אוננאָרמאַלע בעדירפניש פון נישט נאָרמאַלע מענער צו צייגען זייערע געשלעכטס־אָרגאַנען פאַר פרויען און דורך דעם זיך געשלעכטליך צופרידען צו שטעלען. מען בע־

געגענט מאַנכמאָל אַזעלכע מענער ערגעץ אין אַ פּאַרק ; זיי ליגען בעהאַלטען אונטער די בוימלעך וואַרטענדיג ביז אַ פרוי געהט פאַריבער.

סאָדאָמי, פערקעהר מיט חיות.

פעדעראַסטי, פערקעהר פון מענער מיט יונגלעך (קינדער). דאָס איז אַן עריואָרבענע פּערווערסיאָן, פ ו ן װ ע ל כ ע ר מ ע ן ק ע ן ז י ך אָ ב ג ע װ ע ה נ ע ן.

האָמאָסעקסואַליזם, ליעבע און פערקעהר צווישען מענשען פון דעמזעלבען געשלעכט, מענער מיט מענער, פרויען מיט פרויען און אַ ווידערווילען אָדער האַס צו מענשען פון׳ם אַנדערען געשלעכט. די מענליכע האָמאָסעקסועלען שפּיעלען די ראָלע פון אַ מאַן אָדער אַ פרוי און פיהלען זיך אַלס מאַן אָדער פרוי. זייער פעהלער איז איינגעבוירען און אונהיילבאַר. — עס זענען פאַראַן צימליך פיעלע האָמאָסעקסועלען. זיי זאָלען קיין מאָל ניט הייראַטען דאָס הייסט זוכען צו לעבען מיט לייטע פון׳ם אַנדערען געשלעכט ; אַזאַ הייראַט איז אַן אומגליק פאַרביידע.

אַלערליי שלעק, האַ ?

---

# קאָנסאַנגוויניטעט

קאָנסאַנגוויניטעט, פערקעהר צווישען מענשען פון דערזעלבער פאַמיליע אָדער הייראַט צווישען בלוט־פערוואַנדטע, אַ פּראַקטיקע וואָס איז געווען און איז נאָרמאַל ביי נישט־ציוויליזירטע פּרימיטיווע פעלקער. מען איז ניט פאָלשטענדיג זיכער אויב דאָס איז שעדליך אָדער נישט. מעהרסטענס זעהט מען ניט קיין שלעכטע פאָלגען ; מאַנכמאָל געפינט מען אַן אונריכטיגע ענטוויקלונג אָדער דעגענעראַציאָן פון די קינדער פון קאָנסאַנגווינע עלטערען. ס׳איז מעגליך אַז דער שלעכטער רעזולטאַט צייגט זיך ערשט שפּעטער, נאָך מעהרערע דורות. אַוועקלאָזענדיג אַלע אונזיכערע טעאָריען אין אַ זייט, ווייסען מיר איין בעשטימטע זאַך פון׳ם לעבען פון די חיות : ווען מען פּאָאָרט חיות פון ווייט פערשיעדענע ראַסען, קומען אַרויס שענערע, געזונדערע דורות ווי ווען מען פּאָאָרט חיות וואָס זענען נאָהענט פערוואַנדט.

מיר ווייסען פון דער געשיכטע אַז אין מצרים, אין אַלטערטום,

פלעגען חתונה האָבען ברידער מיט שוועסטער. די שענע קלעאָ־פּאַטראַ איז געוועזן די טאָכטער און אַ אייניקעל פון אַזאַ הייראַט. ביי די אַלטע פערסען פלעגען שוועסטער און ברידער, טאַטעס און טעכטער, מאַמעס און זיהן הייראַטען. די פּרינצען פון פּערו האָבען געמוזט הייראַטען מיט זייערע שוועסטער און דאָס איז אָנגע־גאַנגען 14 דורות אָהן קיין סמן פון דעגענעראַציאָן. דאָס זענען ביי־שפּיעלע פון פעלקער מיט אַ פערהעלטניסמעסיג הויכער ציווילי־זאַציאָן.

# סטעריליטעט

די סטעריליטעט, דאָס הייסט אונפרוכטבאַרקייט, אונמעגליכ־קייט צו האָבען קינדער, קען זיין צו פערדאַנקען דעם מאַן אָדער דער פרוי, אָבער אין די מעהרסטע פעלע איז דאָס דורך דעם מאַן. מען קען זיין סטעריל דורך: אַב־נאָרם־געבויטע אָרגאַנען, דורך פריהעריגע אָדער איצטיגע קראַנקהיי־טען אָדער, ביים מאַן, איינפאַך דורך דעם וואָס די טעסטיקלען פּראָ־דוצירען קיין ריכטיגען אָדער גאָר קיין זאַמען, כאָטש דער בעטרע־פענדער מאַן איז קיין מאָל ניט קראַנק געוועזן. מען קען זיין סטע־ריל דורך אימפּאָטענץ אָבער אָפט קען מען בעפרוכטען די פרוי כאָטש מען איז אימפּאָטענט ביים פערקעהר, ווייל דערצו איז גענוג אַז אַ גאַנץ קליינע קוואַנטיטעט זאַמען זאָל אריין אין איהר שיידע און דער זאַמען פון אַן אימפּאָטענטען מאַן קען זיין פרוכטבאר. אין געגענטייל איז עס מעגליך מען זאָל זיין קרעפטיג סעקסועל און זיין אונפרוכטבאַר אין דערזעלבער צייט. די סטעריליטעט קען בע־האַנדעלט ווערען ווען די אורזאַכע וואָס האָט זי הערפאָר גערופען, קען בעהאַנדעלט ווערען, אַנדערש נישט. ווען דער מאַן איז סטעריל, איז געווערנליך קיין האָפנונג נישט פאַראַן.

# דיאַגנאָזע פון מענליכער סטעריליטעט

מען דערקענט די סטעריליטעט ביים מאַן דורך אונטערזוכען זיין זאַמען. ווי מיר האָבען געזעהען אין די קאַפּיטלען אַנאַטאָמי, גע־פינען זיך אין יעדען זאַמען־אויסגוס ביים פערקעהר זעהר פיעלע

כ פ ע ר מ א ט אָ ז אָ ע ן, קליינע קערפערלעך וואָס האָבען דעם צוועק זיך צו פעראייניגען מיט די אייערלעך (אָוואולאַ) פון דער פרוי, ווען דיזע ביידע עלעמענטען קומען אין בעריהרונג אין דער טיעפעניש פון דער פרוי׳ס געשלעכטס־אָרגאַנען. ווען די ספערמאטאָזאָען זענען נאָר־מאָל און פריש, בעוועגען זיי זיך שנעל און שווימען אין דער זאַמען־פליסיגקייט. ווען מען אונטערזוכט אַלזאָ דעם פרישען זאַמען און מען געפינט קיינע ספערמאַטאָזאָען, אָדער נישט ריכטיג געבילדעטע ספערמאַטאָזאָען, אָדער ווען זיי בעוועגען זיך גאָר נישט אָדער זעהר שוואַך, דאַן קען דער מאַן נישט בעפרוכטען די פרוי ; ער איז סטעריל. — כדי צו מאַכען די אונטערזוכונג דאַרף מען האָבען פער־קעהר נאָכדעם ווי מען איז נישט געווען צוזאַמען עטליכע טעג, כדי מען זאָל זיין שטאַרקער אויפגערעגט, — און אין אַזאַ צייט פון טאָג, ווען מען קען ב א ל ד אַוועקטראָגען דעם זאַמען אין אַ לאַבאָ־טאָריום אָדער צום דאָקטאָר, מיט וועלכען מען האָט זיך איינפער־שטאַנען פון פריהער. דער פערקעהר דאַרף זיין מיט אַ קאָנדאָם (אַ קאַוטשוק בעשיצער), אין וועלכען דער זאַמען בלייבט איבער און וועלכען מען טראָגט אַוועק צו דער אונטערזוכונג.

---

# די סטעריליזירונג פון פערברעכער

אין איניגע שטאַאַטען פון אַמעריקא איז דורכגעגאַנגען אַ געז־זעץ דורך וועלכעס „פערברעכער“, דאָס הייסט די וואָס די בורזשויזע פערברעכערישע מאָראַל און געזעצען רופען אָן פערברעכער, זאָלען ווערען סטעריליזירט מיט געוואַלט און ניט קענען איבערגעבען בירושה זייערע שלעכטע אייגענשאַפטען צו זייערע קינדער. זיי וועלען אויף אַזאַ אופן אָפערירט ווערען אז זיי זאָלען נישט מעהר קענען האָבען קיין קינדער, כאָטש פערקעהר זאָלען זיי זיין אימ־שטאַנד צו האָבען. אַזאַ אָפעראַציאָן איז איצט ביים מאַן זעהר לייכט צו מאַכען, זי איז נור ווייניג שמערצהאַפט, ווייל זי בע־שטעהט נישט מעהר ווי אין איינשניידען אָדער אין אַ מין צובינ־דען דעם קאַנאַל דורך וועלכען דער זאַמען קומט פון די טעסטיקלען. די אָפעראַציאָן הייסט : ו ו א ס ע ק ט אָ מ י. ביי דער פרוי איז עס אויך נישט זעהר שווער, ווייל עס איז גענוג צו אונטערברעכען דעם וועג וואו דער ספערמאַטאָזאָאָן פון דעם זאַמען בעגעגענט זיך

מיט דעם אייעלע וואָס קומט פון דעם אייערשטאָק ; און דאָס קען מען טון דורך איינשניידען אָדער צובינדען די טובע, דאָס הייסט דעם קאַנאַל וועלכער געהט פון יעדען אייערשטאָק צו דער געבער־מוטער. עס איז שרעקליך צו דענקען אז די פערדאָרבענע פערטרי־טער פון דעם היינטיגען געזעץ און פון דער זאָגענאַנטער אָרדנונג, האָבען אַזאַ גרויסע מאַכט אין זייערע הענד און איך בין איבער־צייגט פון אַ סך פריהערע ערפאַהרונגען, אַז זיי וועלען דאָס געזעץ אַזוי אויסטייטשען אַז מאַנכע פון די קרבנות וועלען נישט זיין קיין פערברעכער אַפילו אין דעם בורזשויזען זין פון וואָרט, אויסערדעם וואָס די „פערברעכער“ קענען אַמאָל זיין העכערע און ניצליכערע מענשען ווי די אָבהיטער פון דער אָרדנונג אַליין. אָבער אַ חוץ דעם איז עס לעכערליך און נאַריש צו וועלען פערמינדערען די צאָהל פער־ברעכער אויף אַזאַ ווילדען, באַרבאַרישען אופן, ווען פון דער אַנ־דערער זייט בלייבען בעשטעהן די סאָציאַלע אומשטענדען וואָס זע־נען די אמת׳ע אורזאַכען פון דעם וואָס מען רופט היינט אָן „פער־ברעכען“. און אַזוי לאַנג ווי דיזע אומשטענדען וועלען בלייבען אונפערענדערט, וועלען אַזעלכע פּאָליאַטיוועז ווי די סטעריליזירונג נישט האָבען קיין שום ווירקונג ; ווען די סאָציאַלע בעדינגונגען וועלען זיך אָבער ענדערען און ווערען גערעכטער, וועט אַזאַ געזעץ נישט נויטיג זיין.

---

# דער אונפּאָלשטענדיגער פּערקעהר

מיר מוזען רעדען וועגען דעם אונפּאָלשטענדיגען פּערקעהר, ווייל מעהרערע פערהייראַטע מענשען שטעלען זיך פּאָר אַז זיי מו־זען זיין קראַנק (און פון דער פּאָרשטעלונג ווערען זיי טאַקע קראַנק), ווייל זיי האָבען געברויכט אַ ניט פּאָלשטענדיגען סעקסועלען פּער־קעהר. לאָמיר זעהען אויב זיי האָבען רעכט.

דער סעקסועלער פּערקעהר צווישען מאַן און פרוי הייסט ק אָ י ט ו ס. ביים סוף פון דעם פּערקעהר שפּירט געוועהנליך דער מאַן און די פרוי אַ גאַנץ בעזונדער געפיהל וואָס איז פערבונ־דען מיט אַ פערגניגען און וואָס מען רופט אָ ר ג אַ ז ם. דער גע־שלעכטליכער אַקט און דער אָרגאַזם זענען מעגליך אָהן דעם אַריינ־לאָזען פון דעם ספּערמאַ אין דער שיידע. נור מאַנכע דענקען אַז

אזא פערקעהר, וועלכער איז ניט פאָלשטענדיג, איז שעדליך פאַרביידע טיילען און זיי רופען איהם זאָגאַר אָן מיט דעם נאָמען ק אָ־נ י ו ג אַ ל ע ר אָ נ אַ נ י ז ם. אייגענטליך פּאַסט זיך דאָס וואָרט „אָנאַניזם“ מעהר אויף דיזער פּראַקטיקע, ווי אויף דער זעלבסט־בעפרידיגונג, וועלכע הייסט קאָרעקטער מ אַ ס ט ו ר ב אַ צ י אָ ן, ווייל „אָנאַניזם“ שטאַמט פון דעם ביבלישען זינדער וועלכען גאָט האָט בעשטראָפט פאַר אונפאָלשטענדיגען פערקעהר. (ווי זאָגט דר. ליפּטיי ? „גליקליכערווייזע, גאָט האָט געביטען זיין מיינונג פון יענער צייט אָן, ווייל איצט זענען דאָ אַזוי פיעלע נאָכפאָלגער פון אנן, אַז, ווען גאָט וויל זיי אַלע אויסהרג׳ענען, וואָלט ער געדאַרפט האָבען אַ נייעם מבול“.) מען האָט פערוועקסעלט דעם זין פון דעם וואָרט און מען זאָגט איצט אָפט אָנאַניזם אַנשטאַט מאַסטורבאַצ־יאָן, וועלכעס איז אַלזאָ ניט ריכטיג. און ווען מען רעדט פון „קאָנ־יוגאַלען אָנאַניזם“, מיינט מען אַז דער אונפאָלשטענדיגער פערקעהר צווישען מאַן און פרוי איז אַזוי ווי מאַסטורבאַציאָן. נו, דאָס קען ניט זיין אמת. וואָס שאַדט אייגענטליך מעהרסטענס ביי דער מאַסטורבאַציאָן ? — (ווען עס שאַדט.) די אַנשטרענגונג פון דעם מח זיך פאָרצושטעלען אַז מען האָט פאַר זיך אַ פּערזאָן פון׳ם אַנ־דערען געשלעכט. נו, דאָס איז דאָך ניט דער פאַל ביים אונטער־בראָכענעם קאָיטוס, ווייל מען האָט דאָך טאַקע ווירקליך אַ פּערזאָן פון׳ם אַנדערען געשלעכט. מען האָט זאָגאַר אַלע סעקסועלע פער־גניגענס וואָס קומען פון דעם קאָנטאַקט צווישען ביידע געשלעכטער, נור מיט איין אויסנאַמע : וואָס דאָס ספּערמאַ בלייבט דרויסען. דאָס הינדערט אָבער קיין מאָל ניט דעם אָרגאַניזם. דער עולם און די דאָקטוירים וואָס בעהויפּטען אַז דער אונטערבראָכענער פערקעהר איז שעדליך, ווייסען אַליין ניט פאַר וואָס זיי גלויבען עס ; ס׳איז אַ מין אַבערגלויבען. מאַנכע ערצטע געבען אָן אַז די שעדליכקייט קומט פון דעם וואָס די אָרגאַנען, אָנגעפילט מיט בלוט דורך דער אויפרעגונג, לעדיגען זיך ניט אויס אַזוי שנעל ווי ווען דער אַקט איז פאָלשטענדיג. דאָס איז אָבער ניט וואַרשיינליך, ערשטענס ווייל מיר זעהען קיין מאָל ניט קיין מענשען ביי וועמען מען זאָל קענען בעווייזען אַז עס האָט זיי געשאַדט. צווייטענס, ווייל דער אונפאָלשטענדיגער קאָיטוס ענדיגט זיך מיט אַ ריכטיגען אָרגאַזם.

עס איז אָבער מעגליך אַז עס זאָל יאָ זיין שעדליך אין די פעלע וואו, פאַר מורא אָדער דורך מאַנגעל אין איבונג, האָט מען אַזוי ווענינ פערקעהר אַז מען שטעלט זיך גאָר ניט צופרידען. דאָס איז שוין צו אונפּאָלשטענדיג !

דער פראַנצויזישער שפּעציאַליסט פּאַר פרויען־קראַנקהייטען, ליטאָ (געשריבען : ליוטאַוד), זאָגט : עס קען ניט ברענגען ניט דער פרוי, ניט דעם מאַן קיין ענדערונג, דאָס וואָס דער פערקעהר ווערט אונטערבראָכען מיט אַ סעקונדע אָדער אַ פּאָר סעקונדען פאַר דעם זאַמען־אויסגיסען. אויב ביי דער פרוי קומט דער אָרגאַזם סיי ווי סיי שפּעטער אָדער פריהער ווי ביים מאַן, ווי עס טרעפט זיך אָפט אַפילו ביים פאָלשטענדיגסטען פערקעהר, — קען דער זאַ־מען־אויסגוס, סיי אינעווענינ, סיי דרויסען, גאָר ניט ענדערען. אויב דער אָרגאַזם קומט גלייכצייטיג ביי ביידע, איז עס דאָך אוודאי גלייכגילטיג וואָס עס געשעהט מיט דעם פערמאַ. ליטאָ קומט צום שלום אַז פיזיאָלאָגיש איז ניטאָ קיין אונטערשיד צווישען דעם פאָל־שטענדיגען און דעם אונטערבראָכענעם קאָיטוס און אַז דיזער איז ניט שעדליך.

דר. ליפּטיי זאָגט אַז דאָס שעדליכע אין דעם אונפּאָלשטענדיגען פערקעהר איז דער פאַקט וואָס ער איז פערבונדען מיט אַן אַנ־שטרענגונג פון דעם ווילען צו ענדיגען דעם פערקעהר אין דעם ריכ־טיגען אויגענבליק. דאָס איז אָבער אויך ניט צום גלויבען, ווייל דיזע אנשטרענגונג ווערט מיט דער צייט זעהר פערקליינערט דורך די פּראַקטיקע און די געוואָינהייט.

דר. פערדי און דר. ראָהלעדער האָבען אונטערזוכט פעלע פון מענשען וואָס האָבען געהאַט אַ סך יאָהרען אונפּאָלשטענדיגען פער־קעהר און האָבען געפינען אַז עס האָט זיי גאָר ניט געשאַדט. זיי בעהויפּטען אויך אַז דאָס ספּערמאַ איז ניט נויטיג כדי די פרוי זאָל האָבען אַ פאָלשטענדיגען פערגניגען (ביי אַן אונפּאָלשטענדי־גען פערקעהר).

דר. וואַלענטאַ און דר. מענסינגאַ צייגען אָן אויף קראַנקהייטען וואָס זיי שרייבען צו צום אונטערבראָכענעם פערקעהר, אָבער דאָס זענען אַזעלכע פעלע אַז מען קען לייכט געפינען אַנדערע אורזאַכען פאַר זיי.

# די שעדליכקייט פון פערהיטונגס־מיטלען

פון די פערשידענע מיטלען וואָס ווערען געברויכט צו פערהי־טען שוואַנגערשאַפט, זענען מאַנכע געמאַכט מיט פעטע שטאָפען און מעדיקאַמענטען אין דער פאָרם פון צעפּלעך, וואָס די פרוי לעגט אַריין אין דער שיידע פאַר דעם פערקעהר, מיט דעם צוועק צו צער־שטערען דעם זאַמען. איינעגע פון זיי, צום ביישפּיעל די מיט ס ו ב ל י מ אַ ט (אַ קוועקזילבער־מעדיקאַמענט), זענען שעדליך, זאָגאַר געפעהרליך, ווייל דער סובלימאַט געהט אַריין אין קערפּער דורך דער שליימהויט און פערגיפטעט די פרוי. די מעטאַלענע אינסטרומענטען (ניט די אַנדערע) וואָס מוזען שטענדיג ליגען אינע־וועניג זענען אויך שעדליך. אויך די איינשפּריצונגען נאָך דעם פערקעהר מיט סובלימאַט־לעזונגען אָדער עהנליכע זענען שעדליך; איינפאַך וואַסער, ווען עס איז גאַנץ קאַלט, קען אויך שאַדען. — עס וואָלט כדאי געווען דאָ צו בעשרייבען די גוטע, אונשעדליכע מיטלען, אָבער לֵיידער איז עס אין די פעראייניגטע שטאַאַטען דער־ווייל ניט ערלויבט אָנצוגעבען קיין שום פערהיטונגס־מיטלען. מיר דאַרפען קעמפּפען אַז דאָס זאָל זיין ערלויבט, פראַנק און פריי.

---

# היפּאָספּאַדי

היפּאָספּאַדי איז אַ צושטאַנד ביי וועלכען אַ מאַן ווערט געבוי־רען מיט דער עפענונג פון דעם אורין־קאַנאַל נישט ביים ענדע, זאָנ־דערן אויף דער אונטערשטער זייט פון דעם גליד. עס זענען פאַראַן פערשידענע גראַדען פון היפּאָספּאַדי; די עפענונג קען זיין גאַנץ נאָהענט פון איהר נאָרמאַלען אָרט, דאַן האָט עס קיין שום אונאַנגע־נעמע פאָלגען; זי קען זיין אונגעפעהר אין דער מיטע פון דער לענג פון דעם אָרגאַן אָדער זאָגאַר ביים אונטערשטען ענדע, נישט ווייט פון די טעסטיקלען. אין דיזע פעלע קען דאָס אורינירען און דער געשלעכטליכער פערקעהר געשטערט ווערען; עס איז אויך מעגליך אַז מען זאָל דורך דעם ניט קענען בעפרוכטען די פרוי, ווייל דער זאַמען קען ניט אַריין אין דער שיידע; אָבער דאָס מ ו ז נ י ש ט תמיד זיין. — לֵיידער קען מען צו דיזען צושטאַנד גאָר נישט טון, אַ חוץ אַן אָפּעראַציאָן, וועלכע גיט נישט תמיד דעם גע־

ווינשטען רעזולטאַט. די אָפּעראַציאָן בעשטעהט אין דעם, אַז מען מאַכט אַ קינסטליכען קאַנאַל אָדער אַ מין בריק מיט דער הויט פון דעם פּאַציענטען. אויב מען ענטשליסט זיך צו אַן אָפּעראַציאָן, איז אַ פראַגע ווען מען זאָל זי מאַכען. מאַנכע דענקען אַז ס'איז גוט דאָס צו טון אין דער פריהעסטער קינדהייט; אויב אזוי, הענגט עס אָב פון דעם איבריגען צושטאַנד פון דעם קינד'ס קערפּער; אָבער איך וואָלט געראָטען מען זאָל זי מאַכען ערשט שפּעטער אין לעבען.

---

# בעהאַלטענע טעסטיקלען (קריפּטאָרכיזם)

אין דער ערשטער צייט פון דעם קינד'ס ענטוויקלונג אין דער מאַמע'ס געבערמוטער, בילדען זיך די ט ע ס ט י ק ל ע ן אין דעם קינד'ס בויך, פון וואַנען זיי שטייגען אַרונטער אין דעם ס ק ר אָ ט ו ם, אין דעם זעקעל אין וועלכען זיי בלייבען פאַר תמיד. דאָס אַרונטערשטייגען געשעהט נאָך פאַר דער געבורט, אַזוי אַז ביי אַ נאָרמאַל קינד געפינט מען געוועהנליך די טעסטיקלען אויף זייער ריכטיגען אָרט. עס קען זיך אָבער טרעפען אַז די טעסטיקלען זאָלען בלייבען,ביידע אָדער איינס פון זיי, אין דעם בויך אָדער אין דער דיך, אונטער דער הויט. דאָס איז איינע פון די אונרעגעלמעסיגקייטען וואָס קומען מאַנכעס מאָל פאָר אין דער ענטוויקלונג פון'ם קינד. וואָס־זשע זענען די פאָלגען דערפון? מעהרסטענס גאָר נישט. די טעסטיקלען קענען אויס־איבען זייער אַרבייט דאָרט וואו זיי געפינען זיך. זיי בילדען די ספּערמאַטאָזאָען און דיזע געהען איבער אין די ערטער פון וואַנען זיי קומען אַרויס ביים פערקעהר. דער פערקעהר און די לוסט צים פערקעהר ווערען אויך נישט געשטערט דורך די אַבנאָרמע לאַגע פון די טעסטיקלען. דאָס הייסט אז מען דאַרף גאָר נישט טון דערצו. — מאַנכמאָל שטייגען די טעסטיקלען אַראָב אין די ערשטע חדשים אָדער יאָהרען נאָך דער געבורט; מאַנכמאָל בלייבען זיי אויבען דאָס גאַנצע לעבען. — ז ע ל ט ע ן ־ ז ע ל ט ע ן קען זיך מאַכען אַז אַ טעסטיקעל אין דער דיך זאָל דורך דעם דרוק פעראורזאַכען שמערץ אָדער זאָל קראַנק ווערען און מען זאָל זיך

נייטיגען אין אן אפעראציאן: צו ברענגען דעם טעסטיקעל אויף דעם ריכטיגען ארט אדער איהם ארויסצונעמען.

---

## וואריקאסעל

פון די ט ע ס ט י ק ל ע ן וועלכע פראדוצירען דעם מאן'ס זאמען (די ספערמא) פיהרט א קאנאל (דער ספערמאטישער שטראנג) אוועק אין דער הויך; צוזאמען מיט דעם קאנאל געהען די זאר־גענאנטע ספערמאטישע בלוט־אדערען. דיזע אדערען קענען צו־צויגען ווערען און פולער ווערען מיט בלוט וואס צירקולירט נישט גענוג גוט; זיי הייסען דאן ו ו א ר י ק ע ז ע א ד ע ר ע ן און זעהען אויס ווי די געשוואלענע אדערען, וואס טרעפען זיך אפט אויף די פיס און זעהען אויס ווי די געשוואלענע אדערען, וואס טרעפען זיך אפט אויף די פיס פון פרויען און פון מענער וואס שטעהען א סך אויף די פיס. צוזאמען מיט דעם געהט אפט־מאל א שוועלונג פון דעם ס ק ר א ט ו ם, דאס הייסט פון דעם זאק אין וועלכען די טעסטיקלען געפינען זיך. דיזער צושטאנד הייסט וואריקאסעל. מען מוז זיך אבער גוט איינפערשטעהן וועגען דעם וואריקאסעל וואס איז א קראנקהייט און וועגען דעם וואס איז נישט, ווייל א סך ביכלעך, — און שפעציעל די וואס ווערען ארויסגעגעבען פון די שווינדעל־דאקטוירים, — בעשרייבען דעם וואריקאסעל אויף אזא'ן אופן אז יעדער איינער קען דענקען אז ער האט די קראנקהייט און אז זי איז זעהר געפעהרליך. נו, דאס איז שטארק איבערטריבען. דורך די שווינדעל־ליטעראטור גע־וועהנען זיך א סך יונגע מענער צופיעל צו קוקען אויף זייערע גע־שלעכטס־ארגאנען און פאלגליך צו ענטדעקען נישט־געשטויגענע און נישט־געפלויגענע קראנקהייטען. דער אמת איז אז מעהר ווי די העלפט מענער האבען די ס פ ע ר מ א ט י ש ע א ד ע ר ע ן (בעזונדערס לינקס) גענוג פול, כדי מען זאל זיי קענען זעהען און פיהלען אלס לענגליכע, שלאנגענארטיגע מאסען, — און דאס איז קיין קראנקהייט! ד ע ר א מ ת ' ע ר ו ו א ר י ק א ס ע ל א י ז פ ע ר ה ע ל ט נ י ס מ ע ס י ג ז ע ל ט ע ן. פער־געסט דאס נישט און לאזט זיך נישט אבנארען! ביי דעם אמת'ען

וואריקאָסעל איז די אויבען בעשריבענע שוועלונג א זעהר שטארקע, — כאָטש זאָגאר דאָס מאכט נישט אויס, ווייל מען קען דאָס האָבען און זיך דאָך פיהלען גאנץ געזונד, — און מען האָט א מעהר אָדער ווייניגער גרויסען שמערץ. נור אפילו ווענגען דעם סימפּטאָם פון שמערץ דאַרף מען זעהר פּאָרזיכטיג זיין, ווייל דורך צופיעל זיך פּאָרען מיט די טעסטיקלען און אויך אביסעל מיט דער איינבילדונג, קען מען דערפיהלען א שמערץ דאָרט וואו ער וואָלט קיין מאָל ניט געוועזן. — די פאָלגע פון דעם אמת'ן וואריקאָסעל קען זיין א פערקלענערונג פון דעם כח צו האָבען געשלעכטליכען פערקעהר אָדער אַן אָבשוואכונג פון די טעסטיקלען אין זייער ארבייט אלס זאמען־פּראָדוצירענדיגע אָרגאנען. — נור דאָס איז ווידער געזאָגט בלויז פאר קלוגע, ראציאָנעלע מענשען, וואָס אי־בערטרייבען זיך ניט זייער צושטאנד און בילדען זיך ניט איין קיין קראנקהייטען, ווייל די נאראָנים וואָס איבערטרייבען זיך אלעם קענען פון דיזע ווערטער פערשטעהען אז זיי זענען אימפּאָטענט (אונפעהיג צום פערקעהר) און מיין אויפקלערונג קען זיי שאדען אנשטאט זיי צו העלפען! — פערוועקסלונגען פון וואריקאָסעל מיט אנדערע קראנקהייטען פון דער געגענד, ווי א ברוך, „וואסער אין האָדען" אָדער אנדערעס, קענען נישט טרעפען ביי קיין געאיבטען דאָקטאָר. — די אורזאכען פון וואריקאָסעל קענען זיין: מען קען דערמיט געבוירען ווערען; די אנאטאָמי פון די אָדערען פון דעם אָרט קען זיין אזוי אז זייער וואריקעזער צושטאנד איז נאָרמאל; צופיעל שטעהען אויף איין אָרט; פערשטאָפּונג און האר־טער שטוהל. ווי איהר זעהט איז די אורזאכע גאָר נישט קיין גע־שלעכטליכע, כאָטש געשלעכטליכע פעהלערען קענען די בעדינגונ־גען ערגער מאכען.

דירעקטע בעהאנדלונג איז נור דאַן נויטיג ווען מען ליידט פון דעם וואריקאָסעל און ווען מען קען קאָנסטאטירען אַן אמת'ען קראנקהאפטען צושטאנד. אין אלגעמיין דאַרף מען זעהען אז די פעהלערען אין דעם געשלעכטס־לעבען זאָלען אויסגע־בעסערט ווערען, אויב זיי זענען פאראן; די פרשטאָפּונג מוז גע־היילט ווערען; מען דאַרף אויפגעבען דאָס שטעהען אויף אַן אָרט; א גוטער העננ־זאַק (סוספּענסאָריום) קען פערטרייבען די

שמערצען; לוויוואַרמע אָדער קיהלע זיצבעדער יעדען טאָג פאַר אַ האַלבער שעה. געהען שאַדט געוועהנליך ניט. — וואָס אַנבע־לאַנגט די אָפּעראַטיווע בעהאַנדלונג, בעשטעהט זי אין דעם, אַז מען שניידט אויס די געשוואָלענע אָדערען אָדער מען בינדט זיי אונטער, אַזוי אַז דאָס בלוט זאָל נישט מעהר קענען פליסען דורך זיי און זאָל זיך זוכען אַנדערע וועגען. דאָס דאַרף נור געטון ווערען אין זעהר ז ע ל ט ע נ ע א ו ן ע ק ס ט ר ע מ ע פעלע, וואו די ליידען זענען גרויסע און קיין שום אַנדער מיטעל קען נישט ווירקען. — אַנדערע רפואות, ווי עלעקטריציטעט עטצ., מיט וועלכע די דאָקטאָר־זויגמאַנס ערשטוינען אָפט די נאַראָנים, זענען אָהן ערפאָלג.

# הערמאַפראָדיטיזם

הערמאַפראָדיטיזם הייסט אַ צושטאַנד אין וועלכען אַ מענש איז אי פרוי אי מאַן אין דערזעלבער צייט. אַזאַ מענש וואָלט געדאַרפט האָבען אינערליכע און אויסערליכע געשלעכטס־אָרגאַנען פון ביידע סעקסען. דאָס עקזיסטירט ניט און, נאָך אַלע אַנגאַבען, האָט קיין מאָל ניט עקזיסטירט.

עס קען אָבער פאָרקומען אַז אַ מענש מיט אינערליכע ווייב־ליכע אָרגאַנען (אייערשטעק, געבערמוטער, טובען און שיידע) זאָל בעזיצען דרויסענדיגע אָרגאַנען וואָס זאָלען זיין עהנליך צו די מענ־ליכע. די גרויסע ליפּען קענען זיין פערלענגערט און אויסזעהען ווי דאָס סקראָטום, דער קליטאָריס קען זיין פערגרעסערט און אייס־זעהען ווי אַ פּעניס. ביי אַ מאַן קען דאָס סקראָטום זיין מעהר אָדער ווייניגער געשפּאָלטען און אויסזעהען ווי די גרויסע ליפּען, דער פּעניס קען זיין צו קליין. אָפט האָט אַזאַ מענש נאָך אַנדערע סמנים פונ׳ם צווייטען געשלעכט; אַ מאַן מיט אַ ווייבליכער שטימע, אַ פרוי מיט אַ באָרד, און אַזוי ווייטער.

אַזעלכע פעלע זענען זעלטען און זיי וואָלטען דאָ ניט דער־מאָנט געוואָרען, ווען ניט די אַבערגלויבענס וואָס צירקולירען וועגען דעם אין פּובליקום.

### אַנדערע אַנאַטאָמישע אַנאָמאַליען.

עס זענען נאָך פאַראַן מעהרערע אַנאַטאָמישע און פיזיאָלאָגישע אַנאָמאַליען, אָבער זיי זענען ניט וויכטיג. איינע וואָס מען בעגעגענט עפטער איז דער מאַנגעל אָן דער מענסטרואַציאָן, דאָס הייסט אַז אַ פרוי האָט קיין מאָל ניט איהר רעגעל. איהרע געשלעכטס־אָרגאַנען זענען דערביי גוט אָדער שלעכט ענטוויקעלט. דאָס איז מעהרסטענס אונהיילבאַר.

## אימפּאָטענץ

די אימפּאָטענץ אָדער די געשלעכטליכע אונפעהיגקייט קען זיין אַן אָרגאַנישע, דאָס הייסט ווען די סעקסועלע אָרגאַנען זענען נישט נאָרמאַל, אָדער אַ נישט־אָרגאַנישע, ווען די אָרגאַנען זענען פאָלשטענדיג נאָרמאַל, נור זייער פונקציאָן, זייער אַרבייט, איז געשטערט. די ערשטע אַרט אימפּאָטענץ איז פערהעלטניסמעסיג זעלטען. מען קען זיין אימפּאָטענט פאַר תמיד אָדער פאַר אַ קורצעך צייט; אין דער צייט ווען מען איז אונפעהיג, קען מען זיין פאָלשטענדיג אָדער טיילווייזע, מעהר אָדער ווייניגער, אימפּאָטענט. מען קען פערלירען אין גאַנצען די לוסט צום פערקעהר, צו סיי וועלכע פערזאָן אָדער בלויז צון אַ געוויסער פערזאָן; מען קען האָבען די לוסט און נישט זיין פעהיג צו פערקעהרען; דאָס איז די פערשפּרייטעסטע פאָרם. די אימפּאָטענץ איז בעזאָנדערס וויכטיג ביים מאַן, די פרוי זייענדיג מעהר אָדער ווייניגער פּאַסיוו אין דעם סעקסועלען אַקט. ביי אַלטע לייט איז די אימפּאָטענץ זעהר פערשפּרייט. ביי יונגע לייט איז זי מעהרסטענס אַ פאָלגע פון איינרעדעניש, פון פאָרשטעלונג, פון פערלירען דעם צוטרויען צו זיך אַליין. אָבער מאַנכעמאָל איז זי אַ פאָלגע פון צופיעל פערקעהר, אָדער פון צופיעל אויפרעגונג אָהן פערקעהר, אָדער גאָר פון מאַנגעל אַן פערקעהר אין די יאָהרען אין וועלכע ער איז אונבעדינגט נויטיג. — עס טרעפט זיך אויך אָפט אַז אין דער ערשטער צייט „נאָך דער חתונה" זאָל דער יונגערמאַן ניט קענען האָבען פערקעהר, ווייל ער איז צו שטאַרק אויפגערעגט אָדער ווייל ער ווייסט נאָך ניט

ווי אזוי. דאָס איז ניט קיין אימפּאָטענץ. עס רעגולירט זיך באַלד פון זיך אַליין. אין די מעהרסטע פעלע איז די אימפּאָטענץ היילבאַר דורך צוריקקריגען דעם צוטרויען צו זיך אַליין, דורך אַ נאָרמאַל לעבען אין אַלגעמיין און אַ נאָרמאַל געשלעכטליך לעבען בּפרט, מאַנכמאָל דורך אַ פאַלשטענדיגע געשלעכטליכע רוהע פאַר אַ געוויסער צייט, דורך קערפּערליכע איבונגען, פיעל געהען, דורך אַ קאָמבינאַציאָן פון קאַלטע און וואַרמע בעדער. מעדיקאַמענטען זענען אָדער אָהן קיין שום ווירקונג אָדער שעדליך, וויל ווען זיי ווירקען פאַר דעם אויגענבליק, שוואַכען זיי אָב פאַר דער צוקונפט. אַזוי לאַנג ווי ע ר ע ק צ י אָ נ ע ן, דאָס הייסט שטייף־ווערען פון דעם גליד, זענען מעגליך, איז פאַראַן אַ סך האָפנונג אויף בעסערונג אָדער היילונג דורך די אויביגע מיטלען און ווען זיי העלפען נישט, דורך בעהאַנדלונגען מיט ס אָ נ ד ע ן (אַזאַ מין מעטאַלענע אינסטרומענטען) און מיט איינשפּריצונגען. עלעקטריציטעט ווירקט כמעט קיין מאָל נישט.

---

# די בעשניידונג

מיט די אידען, וואָס גלויבען אין אַלץ, וואָס „גאָט האָט גע־באָטען", האָבען מיר נישט וואָס צו רעדען. זיי גלויבען, שעמען זיך נישט מיט זייער אמונה און פיהרען זיך אויף נאָך זייער רעלי־גיעזער איבערצייגונג. עס זענען אָבער דאָ צווישען אונזערע אי־דען אַ סך, וואָס ווילען טאַנצען אויף אַלע חתונות, האַלבע, פער־טעל, אַכטעל מענשען, אַ מין היפּאָקריטען, וואָס זענען געבוירען געוואָרען אַלס אַן אויסוואוקס פון דער פריידענקערישער פּראָפּאַ־גאַנדאַ. די היפּאָקריטען פון דער אַלטער שול פלעגען עסען חזיר, ווען קיינער האָט זיי נישט געזעהען, און פאַר'ן עולם פלעגען זיי זיין גאָט'ס פרומסטע שעפּעלעך. די היינטיגע צבועקעס ווילען, אַז מען זאָל זיי אַריינרעכענען אין די רייהען פון די אויפגעקלערטע, לאַכען זיך אויס פון יעדען „פרומאַק", און ווען עס קומט צו עפּעס, האָבען זיי מורא פאַר דעם רבונו של עולם, און בוקען זיך צו איהם. זיי דענקען נישט ווי די אַלטע רעמער: „אפשר איז ד ע ר גאָט אויך עפּיס ווערט, לאָמיר איהם אויך אַביסעל דיענען"! ניין,

זיי זענען טאַקע פול מיט גאָט אין דער נשמה, זיי זענען גאָר נישט רייף זיך צו בעפרייען פון איהם, נור זיי ווילען בעשווינדלען דעם פרייען געדאַנק. ס'איז דאָך מאָדערן, ס'איז דאָך סטייליש, ווען מען גלויבט נישט; מען בעקומט דאָך אַ נאָמען, אַלס אַ געביל־דעטער, פאָרטגעשריטענער מענש. פאַר וואָס נישט? איבער־הויפט, אַז עס קען העלפען צו די ביזנעס. זיי ווייסען נישט (און דאָס רעוואָלוציאָנערע פּובליקום פאָדערט עס נישט), אַז כדי צו זיין אַ פאָרטגעשריטענער מענש מוז מען מאַכען אָפּ־פער, מוז מען קעמפּפען. ווען מען וואָלט געשטעלט אָט די בעדינגונג צו אַלע רעוואָלוציאָנערען און פריידענקער, ווי וועניג וואָלטען דאַן געווען!

דאַכט זיך, וואָס פאַר אַן אונטערשייד צווישען צבועקעס? היפּאָקריטען בלייבען היפּאָקריטען, אויב גאָטס־פאַרכטיגע אָדער פריידענקערישע, אַלץ איין מכה! ס'איז אָבער פאָרט נישט אַזוי: „אונזערע“ היפּאָקריטען, די מאָדערנע, זענען דאָך די ערגסטע. פאַר וואָס? אַ ביישפּיעל: עס שטעהט אין דער תורה, אַז גאָט האָט בעשאַפען אַ וועלט מיט אַלץ, וואָס אין איהר איז אין זעקס טעג. אַז מען וויל, גלויבט מען. קומט דער „פאָרטגעשריטענער“ און דער ראַציאָנאַליסט און „ערקלערט“: די זעקס טעג זענען זעקס „געאָלאָגישע פּעריאָדען“. פון וואַנען איז געדרונגען? אצינד איז שוין די תורה ווידער אָלרייט, און יעדער האַלב־אויפגעקלער־טער וועט זיך דענקען: גאָט איז נישט אַזוי לעבערליך, ווי די וויסטע פריידענקער מאַהלען איהם; אפילו אַ „געבילדעטער“ מעג גלויבען אין דער תורה: זי איז דאָך וויסענשאַפטליך ערקלערט! — און אַזוי ווערט פון דעם איבערגאַנג פון'ם רויטען ים אַ געשיכ־טע מיט „פלוט און עבבע“, און אַזוי ווערען אַלע וואונדער „פער־שטענדליך און מעגליך“. וואָס פאַר אַ זין האָבען די קאָמפּראָ־מיסען? אַז איהר גלויבט, נעמט אויף די הייליגע שריפט מיט איהר גאַנץ געוועבעכטס פון פערגעסענער, שענער און מיאוסער, מיטהאָלאָגיע, מיט איהרע שרעקליכע דומהייטען און מיט איהר גאַנצען דעמאָראַליזירענדען שמוץ. לאָזט זי ווי זי איז; פער־שטענערט ניט, פערענדערט ניט. זענט איהר אָבער מענשען, וואָס האָבען ליעב צו דענקען און צו פאָרשען פריי, זאָל דאַן אייער מוח

אַרבייטען, אַנאַליזירען, אָבוועגען און ערשט, ווען איהר זענט גע־קומען צו דער איבערצייגונג, אַז עס איז אייך נישט מעגליך צו גלויבען, דאַן וואַרפט אַוועק אַלעס שמוציגעס, וואָס איהר האָט גע־ירש'נט פון פריהערע דורות. אָבער צוערשט פּאָרשט זיך אַליין גוט אויס, קאָנטראָלירט זיך גוט, און נור ווען אַלע דונקעלע ווינ־קעלעך פון אייער נשמה זענען געריינינגט געוואָרען פון'ם שפּינ־געוועבס, ווען איהר קענט קוקען דעם לעבען און דער נאַטור אין פּנים אַריין מיט אָפענע אויגען, מיט אַן אמת'ען וואונש נאָך ליכט, דאַן זענט איהר פרייידענקער. און נאָך דעם אַלעמען פערלאַנגט זיך נאָך איין זאַך: צו זיין עהרליך און אויפריכטיג; צו טון, צו האַנדלען אַזוי ווי מען דענקט.

צווישען די אַרט „ערקלערונגען", ווי איך האָב זיי אויבען בע־שריבען, איז אויך די ערקלערונג וועגען דער ניצליכקייט פון דער מילה. עס זענען דאָ אַ סך אַזוי גענאַנטע פרייידענקער, וואָס לאָ־זען בעשניידען זייערע קינדער, און ווען מען פרעגט זיי, פאַרוואָס זיי טוען עס, זאָגען זיי, אַז עס איז געזונד. פרעגט־זשע זיי ווייטער, פאַרוואָס איז עס געזונד, וועלען זיי נישט וויסען וואָס צו ענטפערען. נו, לאָמיר דאָ זעהען, וואָס פאַר אַ בעציהונג די בע־שניידונג האָט צו דער געזונדהייט און ווי ווייט מען קען אַריינ־שלעפען די וויסענשאַפט צו העלפען דעם אַלטען רעליגיעזען גע־ברויך.

איך בעהויפּטע, אַז די מילה איז גאָר נישט קיין מעדיצינישע פראַגע. יעדער ווייסט אַז די אידישע רעליגיאָן בעפעהלט די מילה, אַלס אַ ר ע ל י ג י ע ז ע נויטווענדיגקייט. עס איז אַ בונד מיט גאָט, עס איז אַ פונדאַמענטאַלער אונטערשיעד צווישען אידען און קריסטען. אַלע ניט־בעשניטענע ווערען בעטראַכט אַלס קלענער אין ווערט, ווי מיר, וואָס האָבען דעם פון גאָט פער־לאַנגטען סמן. עס איז פאַר אידען דאָס, וואָס די טויפע איז פאַר קריסטען. איך בין זיכער, אַז ווען אַלע דאָקטוירים און וויסענ־שאַפטס־מענער פון דער וועלט וואָלטען געזאָגט, אַז די מילה איז אומגעזונד, וואָלטען די גלויביגע אידען זיי נישט געפאָלגט, נור גאָט'ס בעפעהל. די אמת־רעליגיעזע אידען דאַרפען קיין שום ער־קלערונג: זיי גלויבען, און דאָס איז זיי גענוג. אָבער וואָס זאָגען

די אַנדערע, וועלכע זוכען פאַר זיך תירוצים, כדי זייער גלויבען צו פערענטפערען פאַר דעם נייען גייסט? „אפילו קריסטען בעשניי־דען זייערע קינדער וועגען געזונדהייט, אפילו דאָקטוירים זאָגען, אַז עס איז געזונד". ערשטענס זאָגען דאָס נור וועניגע דאָקטוי־רים און צוואַר די מעהרסטע אידען. נור ווען אפילו איינציגע זאָ־גען דאָס יאָ, איז עס נאָך ניט געדרונגען אַז זיי זענען גערעכט.

די מענער ווערען געבוירען מיט אַ הויט איבער דעם געשלעכט־ליכען אָרגאַן: זי הייסט „די פאָרהויט". און כאָטש גאָט וויל אַזויפיעל, אַז אידען זאָלען נישט האָבען די פערדאַמטע הויט, בע־שאַפט ער זיי דאָך ווי אומיסטען מיט איהר. די מילה בעשטעהט הויפּטזעכליך אין דעם אָבשניידען אָדער אָברייסען פון דיזער הויט. און ווען די הויט ווערט נישט אָבגעשניטען, וואָס קאָן געשעהן? אין די מייסטע פעלע געשעהט קיין שום שלעכטעס. אָבער מעג־ליך, אַז דער שליים, וואָס ווערט אָנגערופען ס מ ע ג מ אַ, און וועלכער בילדעט זיך אין דער פאָרהויט, זאָל רייצען די געגענד און זאָגאַר מאַכען שמערץ. דאָס קומט אָבער געוועהנליך נישט פאָר ביי מענשען וואָס האַלטען זיך ר י י ן. (וואָס אָנבעלאַנגט אָבער שמוציגע מענשען, וויל איך גלייך דאָ זאָגען, אַז מען וואָלט זיי נאָך דערזעלבער לאָגיק געדאַרפט אָבשניידען די אויערען און דעם קאָפּ און די פיס, ווייל אַלע די טיילען קענען דורך שמוץ ווע־רען זעהר קראַנק און זאָגאַר ברענגען גרויסע געפאַהרען פאַר'ן לע־בען.) אַן אַנדערע שלעכטע פאָלגע פון דעם פערבלייבען פון דער פאָרהויט איז מעגליך ביי געשלעכטס־קראַנקהייטען. די פאָרהויט שטערט און מאַכט שווערער די בעהאַנדלונג פון אַזעלכע קראַנק־הייטען, אָבער דאָס פעהלען פון דער פאָרהויט פ ע ר ה י ט נ י ש ט פון געשלעכטס־קראַנקהייטען. עס איז נאָך קיין מאָל נישט בעוויזען געוואָרען, אַז אידען ליידען וועניגער פון דיזע קראַנק־הייטען, ווי אַנדערע דורך דעם, וואָס זיי זענען בעשניטען. יעדער דאָקטאָר, וואָס האָט צו טון מיט אידישע פּאַציענטען ווייסט, ווי פערשפּרייט עס זענען די ווענערישע קראַנקהייטען צווישען אידען. עס זענען אפשר דאָ אַנדערע אורזאַכען, וואָס קענען ביי אידען פערמינדערען די צאָהל פון דיזער סאָרט קראַנקע, צום ביישפּיעל, דאָס פאַמיליען־לעבען און דאָס פריהע חתונה האָבען: דאָס איז

אָבער נור געוועזען דער פאַל ביי די גאַנץ פרומע אידען פון אמאָל. און וויבאַלד די בעשניידונג ווערט געמאַכט כדי צו פערהיטען אָדער צו ערלייכטערען געשלעכטס־קראַנקהייטען, פאַר וואָס־זשע ניט אַרויסשניידען ביים ערשט געבוירענעם קינד אַלע די אָרגאַנען וואָס קענען קראַנק ווערען? איז דאָס נישט לעכערליך? אָבער מאַנ־כע דאָקטוירים עמפּפעהלען אָבער ווירקליך און גאַנץ ערנסט אַרויס־צושניידען דעם אַפּענדיקס אום צו פערהיטען אַפּענדיסיטיס! ווי נאַריש! איך וויל דאָ ניט רעדען פון די געפאַהרען פון דער בע־שניידונג אליין אין דער פאָרם, ווי זי ווערט געמאַכט פון'ם מוהל, ווייל מען וואָלט מיר געקאָנט ענטפערען, אַז דאָס קען מען רעפאָר־מירען. איבריגענס איז עס נישט אַזוי זיכער, אַז אפילו ביי אַ דאָקטאָר און נאָך אַלע רעגעלען דער כירורגיע קען נישט די אָפּע־ראַציאָן האָבען שלעכטע פאָלגען. מ י י ס ט ע נ ס ווען דער דאָקטאָר מאַכט די בעשניידונג, סיי ביי אַ קינד, סיי ביי אַן ער־וואַקסענעם, איז דער צושטאַנד אָדער די קראַנקהייט א ז ו י, אַ ז ע ס א י ז נ י ש ט אָ ק י י ן א נ ד ע ר ב ר י ר ה. די אָפּעראַציאָן איז דאַן צו רעכענען צווישען אַלע כירורגישע אַרביי־טען, וואָס האָבען אַלס ערשטע בעדינגונג צו זיין נ ו י ט ו ו ע נ־ד י ג, און מען קען זי נישט פערגלייכען מיט דער אידישער מילה.

איינִיגע דאָקטוירים בעהויפּטען גאָר אַז די פאָרהויט איז נוי־טיג און אַז איהר פעהלען איז די אורזאַכע פון צופיעל רייצונג.

איך וועל נישט פרעגען די גלויביגע אידען, מיט וואָס פאַר אַ ר ע כ ט זיי זענען מל זייערע קינדער, מיט וואָס פאַר אַ רעכט זיי ווילען דאָס אונשולדיגע קינד, וואָס איז אונפעהיג צו אורטיי־לען, מאַכען פאַר אַ איד אין דעם רעליגיעזען זין. אָבער איך פרעג דאָס די יעניגע, וואָס רופען זיך אָן פאָרטגעשריטענע און זענען מל זייערע קינדער, נור ווייל זיי האָבען נישט דעם מוט זיך צו בע־פרייען אין גאַנצען פון די אַלע זיטען, נור ווייל זיי האָבען מורא פאַר זייערע שכנים. עס איז אַ געוואַלדטאַט, עס איז אַ שאַנדטאַט. איהר זענט טאַקי די עלטערען, איהר דאַרפט טאַקי טון וואָס איהר דענקט, אַז עס איז גוט פאַר דעם קינד, אָבער נור אַזעלכע זאַכען, וואָס איהר מ ו ז ט טון פאַר איהם. אָבער מיט וואָס פאַר אַ רעכט הענגט איהר איהם אָן אַ גלויבען, אָהן וועלכען ער קען אויך

גאַנץ גוט לעבען און אָהן וועלכען ער קען אויך זיין אַ געטרייער איד אין דעם נאַציאָנאַלען זין ? דער איינפאַכער מענשען־פער־שטאַנד, דער נידריגסטער זין פון פרייהייט צייגט, אַז די בעשניי־דונג איז אַ פ ע ר ג ו ואַ ל ט י ג ו נ ג.

וויבאַלד שוין יאָ קאָמענטירען און ערקלערען די מילה, ווי־באַלד מען וויל יאָ שטודירען די אָבשטאַמונג פון דעם געברויך אין אַ גאַנץ אונפּאַרטייאישער אַרט, קומט מען צו דער איבערצייגונג, אַז מיר האָבען איהם פון דער צייט פון מענשען־קרבנות. די מילה איז אַן אָפּפער פון אַ שטיקעל קערפּער צום גרויסען, שטאַרקען, אַלמעכטיגען גאָט. איך וועל דאָ אָנווייזען אויף דעם רעזולטאַט פון פערשידענע פאָרשונגען, וואָס איך האָב געלעזען. כדי צו פערשטעהן די בעשניידונג, מוז מען אָננעמען איי־נע פון אָט די דריי טעאָריען: די יוטיליטערע (אויס ניצליכ־קייטס־אורזאַכען), די טריבאַלע (כדי צו אונטערשיידען איין שבט פון׳ם אַנדערען), און די קרבן־טעאָריע. מיר וועלען די טעאָריען באַלד בעטראַכטען.

עס איז איצט בעקאַנט, אַז כמעט אַלע ווילדע פעלקער האָבען געהאַלטען און האַלטען נאָך איצט די מילה אלס אַ זעהר וויכטיגען געברויך און אַז ביי זיי אַלע איז (ווי איין געלעהרטער זאָגט) „איהר פּראַקטישער ווערט אָבגעווישט געגענאיבער דעם סימבאָליזמוס, וואָס זי דריקט אויס". און דער פאַקט, אַז זי מוז ביי אַ סך פעל־קערשטעמע געמאַכט ווערען מיט אַ שטיין, קאָן אפשר בעווייזען, אַז זי איז צו אונז געקומען נאָך פון׳ם צייטאַלטער, ווען מענשען האָבען נאָך נישט געוואוסט אָנצואווענדען דאָס אייזען פאַר אַ מע־סער. אַז די מצרים פלעגען פון אונדענקליכע צייטען זיך מל זיין, איז שוין פון לאַנג אַ פּאָלשטענדיג פעסטגעזעצטער היסטאָרישער פאַקט. אָבער ביי זיי פלעגט דאָס זיין אַ כבוד, אויף וועלכען נור די געלערענטע האָבען געהאַט אַ רעכט : די כהנים, די געאָמע־טערס, די אסטראָנאָמען, די אסטראָלאָגען און די שרייבער פון די היעראָגליפען (די הייליגע צייכענס). אין אויסטראַליען, אין אַפרי־קאַ, אין אַזיען איז די מילה זעהר פערשפּרייט. אַזוי איז זי אויך געוועזען זעהר פערברייטעט צווישען די אַמעריקאַנישע אינדיאַנער.

ביי די מעקסיקאנער פלעגט זאגאר דאס ארויסגעצויגענע בלוט די־רעקט געגעבען ווערען צום מזבח אלס קרבן.

צוריקקומענדיג צו דער פראגע, וואס איז די אורזאכע, אז די בעשניידונג איז אזא פערשפרייטעטער געברויך, געפינען מיר ביי איין אויטאר דעם גאנץ לאגישען ענטפער אויף דער ערשטער טעאריע, אויף דער נ י צ ל י כ ק י י ט ס־טעאריע: עס איז זעהר נישט וואהרשיינליך, אז דאס מל־זיין קומט פון דעם וואונש צו זיין ריין און זיך צו פערהיטען היגיעניש, ווייל פונקט די ווילדע שבטים, וואס היטען אב אם שטרענגסטען די בעשניי־דונג, האבען קיין שום אידעע פון ריינקייט. מאנכע האבען גע־דענקט טאמער איז די מילה איינגעפיהרט געווארען וועגען גרע־סערע פרוכטבארקייט; איז דאס אויך נישט מעגליך אנצונעמען, ווייל א סך מאכען די מילה גאנץ אונפאלשטענדיג, שניידען נור אב א קליינעם חלק פון דער פארהויט, וואס דאס קען נישט מאכען קיין גרויסע ענדערונג אין דעם געשלעכטליכען פערקעהר.

איז אפשר די צווייטע טעאריע ריכטיג, איז די בעשניידונג א סמן כדי צו דערקענען א בעשטימטען ש ב ט, אזוי ווי מאנ־כע בעהויפטען? אזעלכע סמנים זענען דא; צום ביישפיעל, ביי די הערעראס (אין אפריקא) ווערען אויסגעהאקט די פאדערשטע ציינער, ווען דער יונגער מאן ווערט געשלעכטס־רייף. עס איז אבער שווער אנצונעמען די בעשניידונג אלס אן אונטערשיידונגס־מיטעל, ווען מען בערעכענט, אז דאס ארגאן איז כמעט תמיד פערדעקט.

אם בעסטען פערשטעהען מיר די בעשניידונג, ווען מיר נע־מען אן די דריטע טעאריע, די ק ר ב ן־טעאריע: די מילה איז ביי אלע פעלקער און שבטים, וואס געברויכען זי, א קרבן און גלייכ־צייטיג א מין איינפיהרונג אין א רעליגיעזע סעקטע. אומעטום ווערען דערביי געמאכט א מענגע רעליגיעזע צערעמאניען און מאנ־כע מאל גאנץ געהיימע, וואו פרעמדע האבען קיין צוטריט. ביי מעהרערע ווילדע פעלקער מאכט מען פאר דער חתונה א מין בע־שניידונג אי ביים אינגעל אי ביים מיידעל, דאס איז כדי זיי איינ־צופיהרען אין דעם לעבען פון רייפע מענשען. נור ביי אידען איז די מילה נישט קיין איינפיהרונג, ווייל זי ווערט געמאכט אזוי פריה; עס איז נור א רעליגיעזער און סימבאלישער געברויך, וואס

איז צוריקגעבליבען אַלס אַן ערזאַץ פאַר אַ מענשען־קרבן. דער אידישער געלעהרטער ק אָ ה ל ע ר בעטראַכט די מילה ביי בע־שטימטע אַראַבישע שבטים, אַלס אַ פערהייליגונג פון דער ערצוי־גענדער קראַפט, פון דער קראַפט צו בעפרוכטען. ביי אידען איז די מילה געווען תמיד זעהר הייליג. זייערע חכמים פלעגען זאָגען, אַז די מילה איז אַזוי וויכטיג, אַז הימעל און ערד האַלטען זיך נור דורך דער ערפילונג פון ד ע ר מצוה. קיין זאַך פלעגט די אי־דען ניט אַזוי בייז מאַכען אין דער צייט פון דעם ערשטען גריכישען איינפלוס אין פאַלעסטינאַ, ווי צו זעהען, אַז די אַסימילאַטאָרישע אידען, כדי בעסער נאָכצואַהמען די גריכען אין די שפּיעלען, ביי וועלכע מען איז געווען נאַקעט, האָבען דורך אַ געוויסע אָפּעראַציאָן זיך געלאָזט צוריק מאַכען אַ מין פאָרהויט.

---

# די פאָרהויט

ביי קינדער וואָס ווערען ניט גע׳מל׳ט, און וואָס זענען נאָר־מאַל, איז עס גוט אין די ערשטע טעג נאָך דער געבורט די פאָר־הויט אַרויפצוציהען, איבער דעם שפּיציגען טייל פון׳ם גליד, אַזוי ווייט נאָך ריקווערטס ווי ס׳איז מעגליך. דאָס איז די פליכט פון דעם דאָקטאָר וואָס העלפט צו דער ענטבינדונג. אַזוי ווי די דאָק־טוירים פון אידישע פאַמיליען זענען ניט געוואָיהנט דאָס צו טון, וועט עס זיין נויטיג זיי צו דערמאָנען וועגען דעם, ביי יענע פאַ־מיליען וואו מען האָט ניט אין זינען דאָס קינד מל צו זיין. דער דאָקטאָר דאַרף אַ ניט שאַרף, שטומפּיג אינסטרומענטעל לייכט בע־וועגען אין דער פאָרהויט, כדי זיך צו איבערצייגען אויב דאָס היי־טעל איז ניט ערגיץ צוגעקלעפּט צום גליד; אויב ס׳איז, ווערט די צוזאַמענוואַקסונג מיט דעם אינסטרומענט פאַנאַנדערגעטיילט. דער־נאָך ציהט ער לייכט די פאָרהויט אַרויף. פון דאַן אָן זאָל די פלע־גערין אָדער די מוטער יעדען טאָג די פאָרהויט איין מאָל אַרויפ־ציהען און צוריק אַראָבלאָזען, כדי זי זאָל ניט צוזאַמענוואַקסען און אויך צוליעב ריינליכקייט. אויב מען טוט עס ניט, קען דאָס קינד אַמאָל ליידען דורך דעם, שפּעטער. אָבער אין די מעהרסטע פעלע איז די פאָרהויט פון געבורט אויס ריכטיג בעוועגליך און וואו זי איז

נישט, ווערט זי מעהרסטענס ריכטיג אין די שפּעטערע קינדער־יאָהרען, אונגעפעהר צו 7 ביז 9 יאָהר.

## פּימאָזיס



פיג. 22. — פּימאָזיס.

די פּימאָזיס איז אַ פערענגערונג פון דער פאָרהויט אַזוי אַז די אייכעל קען ניט דורכגעצויגען ווערען דורך די פאָרהויט. זי קען זיין ערווארבען אָדער אַנגעבאָרען. זי קען זיין ערוואָרבען דורך ענטצינדונגען און שוועלונגען אַלס אַ פאָלגע פון סעקסועלע קראַנקהייטען. ביי נור וואָס געבוירענע קינדער קען זי זיין פאַראַן, כאָטש די קינדער זענען געזונד. דאָס הייסט אַן אַנגעבאָרענע פּימאָזיס. ווען דאָס איז דער פאַל מוז מען די פאָרהויט איינשניידען.

## אַ סך אָדער וועניג קינדער?

אַ פריהעריגער פּרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאַאַטען האָט זיך אַמאָל אויסגעבייזערט אויף די פרויען, וואָס האָבען ניט גענוג קינדער. ער האָט בעהויפּטעט, אַז אַזאַ מין צוריקהאַלטונג איז אַ זעלבסטמאָרד פון דעם גאַנצען פאָלק. נו, וועלען מיר דאָ זעהן, אויב ער האָט רעכט אָדער עס האָבען רעכט די, וועלכע זאָגען, אַז דאָס איז גאָר אַ פערבעסערונג פון דעם פאָלק (רייס אימפּרואווּמענטס, און נישט קיין רייס סוּסייד).

נור, איידער מיר ענטפערען אויף דער פראַגע גופא, לאָמיר בעטראַכטען, פאַר וואָס אונזער פּרעזידענט, און מיט איהם אַלע מאָנאַרכען, האַלטען אין איין לויבען און בעלוינען די בירגער, וואָס האָבען אַ סך קינדער. עס איז גאַנץ איינפאַך: ווייל זיי האָבען אַזאַ אינטערעס. אַלס הערשער און אַלס פערטרעטער פון די הערשענדע קלאַסען, קענען זיי נור עקזיסטירען און וואַקסען, ווען זיי האָבען גענוג קנעכט, וואָס זאָלען האָרעוועןן פאַר זיי, וואָס זאָלען זיין די מאַסע, וועלכע מען קען קנעטען, וואָס זאָלען ליפערען די נאַרען כדי אין די הערשער צו גלויבען און זיי צו פערטיידיגען. און מיט

די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע בעלי בתים ענג פערקניפּט זענען די גלחים פון אַלע מינים, וועלכע האַלטען אין איין איינרעדען דעם עולם, אַז מען דאַרף ניט אָבווייכען פון גאָט׳ס וועג, אַזוי ווי אין אַלעמען, אַזוי אויך ניט אין קינדער האָבען. דאָס אידישע „זיך פערמעהרען אַזוי ווי די שטערען אין הימעל און אַזוי ווי דאָס זאַמד ביים ים“, איז אַ גאַנץ נאָהענט פריינטעל פון דער בעהויפּטונג אַז דאָס פאָלק איז נור גוט אַלס „פוטער (שפּייז) פאַר קאַנאָנען“, אָדער אפילו אַלס פוטער פאַר מאַשינען.

עס זענען אָבער דאָ פאָרטגעשריטענע מענשען, וואָס האַלטען אין דער בעציהונג מיט רוזוועלט אָדער מיט קאַיזער ווילהעלם. און דיזע וואָלט איך געוואָלט אויפקלערען, אַז זיי זענען אויף אַ פאַלשען וועג, אַז זיי לאָזען זיך אָבנאַרען פון אַ פּאָר שען־קלינגענדיגע פראַזען. זיי זאָגען, אַז זיי ווילען האָבען וואָס מעהר קינדער, כדי, ערשטענס, זיך נישט אָבצואווענדען פון די נאַטירליכע געפיהלען, און, צווייטענס, כדי צו ערציהען וואָס מעהר פּאָרטגעשריטענע מענשען, וואָס זאָלען קענען ווייטער פיהרען דעם קאַמפּף געגען די רעאַקציאָנערען ; זיי ווילען האָבען וואָס מעהר רעוואָלוציאָנערען אין זייער פּרייהייטס־אַרמעע.

אויף דער פראַגע אויספיהרליך צו ענטפערען, וואָלט מען געמוזט שרייבען אַ גאַנץ בוך. איך וויל דאָ נור אין קורצען בעטראַכטען אַלע זייטען פון דער פראַגע.

ערשטענס, ווייסט יעדער, אַז אַ סך עלטערן, וואָס זענען ניט איבריג פרום, פאָלגען ניט די רעליגיעזע, ניט די פּאָליטישע עצות און אויך נישט די פוסטע פראַזען פון די ראָמאַנטישע רעוואָלוציאָנערען. גאַנץ פון זיך אַליין זעהען זיי וואָס מעהר צו בעגרענעצען די צאָהל פון זייערע קינדער, און ווען זיי האָבען ניט דעם געווינשטען ערפאָלג, פיהלען זיי זיך טאַקי ביי יעדען צואוואַקסען פון זייער פאַמיליע זעהר אונגליקליך. ליידער אָבער טוען ניט אַלע עלטערן דאָס זעלבע, און דערפאַר איז עס תמיד ניצליך צו רעדען דערפון. מאַנכע וויסענשאַפטס־מענער אין פראַנקרייך, אין ענגלאַנד און אין אַנדערע לענדער האָבען זיך עס זאָגאַר געמאַכט צו זייער לעבענס־אויפגאַבע צו פערברייטען די אידעע פון דער בעשרענקונג פון דער קינדער־צאָהל.

אַפילו די, וואָס זוכען ניט פון פריהער צו פערהיטען קיין שוואַנגערשאַפט, וועגדען זעהר אָפט אָן אַלערליי מיטעל כדי צו פערהינדערען אונאַנגענעמע געבורטען, זיי זוכען אָבצוטרייבען דאָס קינד; זיי ווענדען אָן דעם קינסטליכען מפּיל. און אין דעם קענען מיר טאַקע געפינען אַן אַרגומענט פאַר די פריהצייטיגע פּ ע ר ה י ־ ט ו נ ג פון שוואַנגער ווערען. ערשטענס, אַפילו די ראַדיקאַלסטע פון די אויבענגענאַנטע וויסענשאַפטליכע פּראָפּאַגאַנדיסטען בע־טראַכטען אַלס אַ פערברעכען צו ד ע ר ' ה ר ג ' ע נ ע ן די פרוכט אין דער מאַמעס לייב. צווייטענס, געשעהן זעהר אָפט שרעקליכע אונגליקען דורך אַזאַ פּראַקטיקע. עס קומען פאָר פערגיפטונגען דורך די אונריינליכקייט און די אונוויסענהייט פון די, צו וועמען די פרויען ווענדען זיך, און ווען די פרויען שטאַרבען ניט דערפון, בלייבט אָפט זייער געזונד צושטערט פאַר'ן גאַנצען לעבען. אין אַ סך פעלע קומען זיי נור אָב מיט'ן אַרויסוואַרפען איינציגע דאָלאַר צו די פאַברי־קאַנטען פון שווינדלערישע מיטעל, וואָס זענען אַנאָנסירט אומעטום און העלפען גאָר נישט. ווען מען בעטראַכט די אַלע אומשטענדען, איז עס דען ניט געשייטער צו פּ ע ר ה י ט ע ן די שוואַנגערשאַפט און ניט וועלען צערשטערען די פרוכט, ווען עס איז שוין צו שפּעט?

ווי קומט עס אז אַפילו נישט שטאַרק אויפגעקלערטע מענשען ווילען ניט האָבען צופיעל קינדער? ווייל זיי פיהלען זיך מיט גאָר נישט פערפליכטעט צו דער געזעלשאַפט, זיי פיהלען קיין שום פליכט צו שאַפען קינדער פאַר דער געזעלשאפט. זיי ווילען נור פערזיכערען דאָס אינדיווידועלע גליק פון יעדען מיטגליד פון זייער אייגענער פאַמיליע. און אין דעם האָבען זיי רעכט. די שרעקליכע געטין, וואָס הייסט געזעלשאַפט, האַלט אין איין פאָרדערען קרבנות פון יעדען איינציגען און זי געהט עס גאָר ניט אָן ווען דער איינצי־גער ליידעט דורך איהר. איבריגענס פאַלט יעדען מעהר אויף די פעראַנטוואָרטליכקייט, וואָס ער נעמט אויף זיך, ווען ער ווערט אַ טאַטע, ווי זיין זאָגענאַנטע פליכט צו דער געזעלשאפט אָדער צו אירגענד וועלכען אַנדערען ניט געשטויגענעם בלאָף, מיט וועלכען עס בענוצען זיך די נאַרישע אָדער שווינדלערישע פּרעדיגער פאַר גרויסע פאַמיליען. מען מעג זאָגען וואָס מען וויל, ס'איז פאָרט אַ גרויסע פעראַנטוואָרטליכקייט קינדער צו געבערען און ניט צו וויסען אז מען קען זיי העלפען קריגען אַ גוט, אַ גליקליך לעבען. מיר זע־

נען ניט קיין אונפערשטענדיגע היות, מיר קענען אורטיילען און אי־בערלעגען איידער מיר מאכען אזא שריט.

מען וואָלט געקענט זאָגען אַז מיר ווייסען נישט, וואָס פאַר אַ מענש דאָס צוקינפטיגע קינד וועט זיין. עס איז אָבער תמיד זעהר ווארשיינליך, אַז עס וועט ניט זיין אַ גרויסער, פעהיגער קעמפפער, עס וועט גיכער זיין אַ שקלאַף אָדער אַ דורכשניטליכער, מיטעלמע־סיגער מענש. אין יעדען פאַל קען עס אומזאָ ווענינער זיין אַן אויס־נאַמס־מענש, וואָס מעהר קינדער עס זענען דאָ אין דער בעטרע־פענדער פאַמיליע. וואָס מעהר קינדער, מוז מען אַלץ אין מעהר טיילען איינטיילען דאָס שטיקעל ברויט פון דער פאַמיליע, — און איך רעד דאָ נור פון אַרבייטער־פאַמיליען — קומט אויס פאַר יעדען ווענינער לופט, ווענינער אָרט צום שלאָפען, ווענינער קליי־דער, די עלטערן קענען זיך ווענינער אָבגעבען מיט יעדען איינעם, דאָס הייסט, אַז יעדעס קינד וועט ווערען ווענינער געוואַשען, וועט ווערען מעהר ערצויגען אין גאַס און וועט זיין ווענינער אונטער דעם איינפלוס פון די עלטערען, דאָס קינד וועט מוזען מעהר און פריהער אַרבייטען פאַר בעלי־בתים און ווענינער לערנען. און וואָס וועט אַרויסוואַקסען פון אַזעלכע קינדער ? קעמפפער פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלציאָן, פאַר הויכע אידעאַלען, קינסטלער, מענשען פון אַ העכערע שטופע ? ניין ! און ווען יאָ אַ מאָל, אויסנאַמסווייזע, — איז עס צו פערדאנקען אַ ווירקליכען צופאַל, אָדער בעזאָנדערע נישט געוועהנליכע אומשטענדען. עס וועלען גיכער אַרויסקומען שקלאַ־פען, וועלכע וועלען העלפען די רייכע נאָך רייכער ווערען און וועלען נאָך פערגרעסערען דאָס עלענד פון די אויסגעבויטעטע, אָדער פער־קריפעלטע מענשען, קראַנקע אין קערפער און אין גייסט. און פרייער איז דער מענש, מעהר צייט צו דענקען און מעהר מוט צו טון, מעהר פערשטאַנד זיך צו רעוואָלטירען און מעהר אויסזיכט אויף ערפאָלג האָט ער, ווען ער שטעהט מאַטעריעל בעסער, — ניט ווען די נויט דריקט איהם אזוי צו, אז ער קען נור דענקען וועגען דעם שטי־קעל ברויט פונ׳ם אויגענבליק, און נישט מעהר און נישט ווייטער. איז עס נישט גענוג, וואָס די עלטערען האָרעווען ? פאַר וואָס זאָ־לען זיי נאָך געבען זייערע אויבויטער וואָס מעהר ניי מאַטעריאַל צום אויספרעסען ? פאַר וואָס קומט זיי די שטייער ? און פון אַן אנדערער זייט, ווי אַזוי זאָלען די עלטערען קעמפפען, ווי אַזוי

זאָלען זיי האָבען דעם מוט צו סטרייקען, אַ שטייגער, אָדער צו זאָגען אַ שלעכט וואָרט דעם בעל־הבית, ווען זיי ווייסען, אז אין דער היים ערוואַרט זיי אַ האַלב דוצענד אָדער מעהר קינדערלעך מיט אָפענע מיילער ?

און דאַן ווער גיט די גרעסטע, כמעט די גאַנצע צאָהל סאָל־דאַטען אין די אייראָפּעאישע לענדער, וואו יעדער מוז זיין א סאָל־דאַט ? די אָרימע לייט. פאַר וואָס קומט עס די אויסבויטער ? ניט אומזיסט האָט נאַפּאָלעאָן געזאָגט נאָך אַ שלאַכט, וואו ער האָט פערלאָרען פיעלע טויזענדער סאָלדאַטען : „אין איין נאכט וועט מיר די שטאָדט פּאַריז צוריק מאַכען אַזוי פיעל סאָלדאַטען !“

און דאַן, בערעכענט די ספּעציעלע פערשקלאַפונג פון דער פּראָלעטאַרישער מוטער, וואָס קען קיין מאָל ניט עפּעס זעהן, עפּעס הערען, עפּעס לערנען, ווייל זי איז תמיד ענטוועדער מיט אַ קליין קינד ביי דער ברוסט אָדער מיט א קינד אין בויך ? זי איז ניט מעהר ווי אַ געבורט־מאַשין, וואָס ווערט רואינירט האָבענדיג קינ־דער. און ווען מען בעדענקט, אַז די פרוי וואָלט געדאַרפט שפּיע־לען די וויכטיגסטע ראָלע אין דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג ! (דאָס איז וועניגסטענס מיין מיינונג.) ווי אַזוי ווילט איהר, אין די איצטיגע אומשטענדען, צוקומען צו איהר און זי אויפקלערען ?

ווען מען בעטראַכט גענויער ווי אַזוי די געזונדהייט פון די קינדער ווערט בעאיינפלוסט פון זייער צו גרויסער צאָהל, קען מען זאָגען, אַז פאַר אַ סך קינדער וואָלט עס פיעל בעסער געווען, ווען זיי קומען גאָר נישט אויף דער וועלט. טויזענדער קינדער ווערען געבוירען פון סיפיליטישע, שווינדזיכטיגע, עפּילעפּטישע על־טערן, וועלכע געבען זיי זייערע קראַנקהייטען (אָדער אַ נייגונג צו די קראַנקהייטען) איבער אַלס אַ ירושה. די קינדער האָבען א צרה’דיג לעבען. איז עס ניט שרעקליך טרויריג אַזעלכע לעבענס אויף זיין געוויסען צו טראָגען ? און איז דען דאָס לעבען, וואָס די געזונדע פּראָלעטאַריער „שענקען“ זייערע קינדער א סך מעהר ווערט ? איז דאָס ניט דאָס געגענטייל פון אונזער גע־וועהנליכען בעגריף פון לעבען ? איז עס אַ לעבען, ווען מען האָט ביי צוויי יאָהר די קראַנקהייט פון די אָ ר י מ ע קינדער, די ר אַ־כ י ט י ס, די קנאָכען־קראַנקהייט, וועלכע פערקריפּעלט און מאַכט העסליך הונדערטער מענשען פאַר’ן גאַנצען לעבען ? איז עס אַ

לעבען, ווען קינדער, וואָס ווערען אפילו געבוירען פון געזונדע על־טערן, בעקומען זעהר פריה די שרעקליכע לונגען־שווינד־זיכט? איז עס א לעבען, ווען קינדער עסען זיך קיין מאָל ניט גוט אָן, אָדער עסען קיין מאָל ניט דאָס, וואָס זייער וואַקסענדער קער־פער פערלאַנגט, און ווען זייער קערפער ווערט דורך דעם פאַרבערייטעט אויפצונעמען אַלערליי קראַנקהייטען ? איז עס א לעבען, ווען א קינד זעהט קיין אַנדערע זאַך, אויסער שמוציגע גאַ־סען און טונקעלע צימער, וואו אין די ווינקעלעך ערוואַרטען איהם ליידען און קראַנקהייטען ? און אין אַזעלכע אומשטענדען, וואָס ווערט פון די קינדער ? מענשען ? ניין. צובראָכענע, ביטערע, שוואַכע נשמות מיט עבען אַזעלכע קערפער, וואָס לעבען אָפּ זייער קורצע צייט אין ליידען, און שטאַרבען נאָך דעם ווי מען האָט אויס־געפרעסט פון זיי וואָס מען האָט געקענט אויספרעסען.

וואָס וואָלט געווען, ווען אַרבייטער וואָלטען געהאַט וועניג, גאָר וועניג קינדער, איז לייכט צו זעהען ווען מען בעטראַכט די לאַגע ווי אַזוי זי איז דאָ אין קורצען בעשריבען געוואָרען. קינדער און עלטערן מעהר זאַט, בעסער אָנגעטאָן, — האָבען א בעסערע וואָהנונג, מעהר לופט, צייט צו שפּאַצירען, זיך צו באָדען, צו רע־דען, צו לעזען, — זיין געזינטער, פרעהליכער, קליגער, מעהר אונ־אַבהענגיג. די מוטער הויבט אויף דעם קאָפּ, קוקט זיך אַרום אין דער וועלט, ווייסט בעסער, וואָס צו זאָגען איהר קינד, מאַכט פון איהם א בעסערען און שענערען מענשען. מען דערזעהט, אַז עס איז דאָ א זון, א בוים, א הימעל ; מען דענקט פון דער צוקונפט, מען הויבט אָן עפּעס וועלען, מען ווערט שטאָלצער און מעהר זעלבסטבעוואוסט...

איך וויל מיך נישט נאַרען און זאָגען, אַז אַלצדינג, אַז א גאַנץ גרויסע ענדערונג אין דער געזעלשאַפט הענגט אָב פון דער פערהי־טונג פון שוואַנגערשאַפט ; איך וויל נישט איבערטרייבען. אָבער אַז עס וואָלט געווען א גרויסע הילף אין אונזער קאַמפּף פאַר א סאָציאַלער אומענדערונג, ווען עס וואָלט געווען אומעטום פערברייטעט, דאָס איז גאַנץ זיכער.



פיג. 23. — די קאַפּיטאַליסטען זענען זיך מחיה צו זעהען אַזאַ שטוב קינדער ביי אַרבייטער. נור דאָס איז ניט אַלץ: עטליכע מפּיל'ען און עטליכע טויטע קינדער וואָלטען פערפאָל־שטענדיגט דאָס בילד. ווי געפעלט עס אייך? (פון לעריר).

---

## די סמנים פון שוואַנגערשאַפט

אין קורצען זענען די סמנים פון שוואַנגערשאַפט פאָלגענדע: אויסבלייבען פון דער מענסטרואַציאָן, ברעכען, פערענדערונגען אין דעם אַפּעטיט און אין דער פערדויאונג, שטאַרקערע פערדונקעלונג פון די דונקעלע ערטער אויף דער הויט פון דעם קערפּער און פון דעם פּנים; שפּעציעל אַ שוואַרצקייט אַרום די ברוסט־וואַרצען און אַ דונקעלע ליניע אין דער מיטע פון דער בויך־הויט פון אויבען ביז אַרונטער; פערגרעסערונג פון די בריסט; פערגרעסערונג פונ'ם בויך; געשוואָלען און בלויליך אויסזעהען פון די דרויסענדיגע גע־שלעכטס־טיילען; ענדערונגען אין דער פּסיכאָלאָגי פון דער פרוי. קיין איינציגער פון דיזע סמנים איז נישט זיכער, כאָטש עטליכע פון זיי צוזאַמען און אין געוויסע צייטען ווען מען קען ערוואַרטען שוואַנגערשאַפט, מאַכען די שוואַנגערשאַפט וואַרשיינליך. — דעם דאָקטאָר'ס הויפּט־סמן איז, אַ חוץ די אויבען דערמאָנטע: די גרויס און די פאָרם פון דער

געבערמוטער, וואָס ער געפינט אויס דורך אַ דאָפּעלטע אונטערזו־
כונג, פון אינעווענינ און פון דרויסען ; דאָס קען איהם אָבער נישט
געבען קיין שום רעזולטאַט ווען ס'איז צו פריה, ד. ה. אין די ערש־
טע דריי וואָכען פון דער שוואַנגערשאַפט. — די זיכערסטע סמנים
זענען דאָס פיהלען פון די בעוועגונגען פון דעם קינד און דאָס הערען
פון דעם קינד'ס האַרץ־קלאַפּען, וועלכע זענען ערשט מעגליך אין
דער מיטע פון דער שוואַנגערשאַפט. דאָס איז שטרענג וויסענ־
שאַפטליך גערעדט ; וועגען געוועהנליכע און פּראַקטישע צוועק־
קען זענען די אויביגע סמנים גענוג אין נאָרמאַלע פעלע און מען קען
זאָגען אַז דער דאָקטאָר דערקענט די שוואַנגערשאַפט ווען זי איז
דריי אָדער פיער וואָכען אַלט.

## פערקעהר אין דער שוואַנגערשאַפט־צייט

ס'איז גוט מען זאָל ניט האָבען קיין פערקעהר אין די לעצטע
דריי מאָנאַטען. אין די ערשטע חדשים זאָל דער פערקעהר נישט
זיין אַזוי אָפט ווי פריהער און נישט אַזוי שטאַרק. אויב דער פער־
קעהר מאַכט דער פרוי שמערצען, זאָל מען בעסער גאָר נישט האָ־
בען קיין פערקעהר, אויב מעגליך.

## די פּראָלעטאַרישע מאַמע

זי איז נאָך נישט געווען פערהייראַטעט קיין פיער יאָהר און
האָט שוין געהאַט צוויי קינדער. איין קינד האָט זי געוואָלט האָבען
און זי איז געווען גליקליך ווען עס איז אָנגעקומען ; ביים צוויי־
טען איז זי שוין געווען אונצופריעדען נור זי האָט זיך שנעל גע־
טרייסט און האָט אָנגעהויבען נאָכפרעגען ביי פריינדינען אויב זיי
וויסען נישט וואָס פאַר מיטלען מען קען אָנווענדען כדי צו פערהי־
טען שוואַנגערשאַפט. יעדען מאָנאַט, ווען איהר „צייט" איז געווען
צופעליג אַביסעל פערשפעטיגט, האָט זי געציטערט. זיי האָבען
ביידע געטון וואָס זיי האָבען געוואוסט, אָבער אַזוי ווי זייערע מיטלען
זענען נישט געווען די ריכטיגע, איז זי צום דריטען מאָל פערגאַנגען
אין טראָגען. דאָס מאָל, ווען זי האָט פערשטאַנען איהר לאַגע, איז
איהר קאַלט געוואָרען אין האַרץ, און ווען דער מאַן איז אהיים גע־

קומען פון דער אַרבייט, איז געגנוג געווען אַ בליק פון איהר, כדי ער זאָל זיך אָנשטויסען וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך, און די פרעה־ליכע מינע מיט וועלכער ער איז אַריין אין שטוב, איז פערשוואונ־דען געוואָרען פון זיין פּנים. די קינדערלעך האָט מען פערנאַכלע־סיגט. ווען זיי זענען איינגעשלאָפען, האָט מען זיך אַוועקגעזעצט ארומרעדען די גאַנצע לאַגע. זי האָט אָם אָנפאַנג גאָר נישט געקענט רעדען, די טרעהרען האָבען זי געשטיקט. ער האָט זי געטרייסט און געקושט איהר האנד, נור ער האָט זיך נישט בעסער געפיהלט פון איהר. און אַן איבערזיכט פון זייער פערדיענסט און פון זייערע אויסגאַבען איז געמאַכט געוואָרען ; ס'איז געווען אַ רעכנונג פון גראָשען ; און אַם ענדע זענען זיי געקומען צום שלוס אַז מעהר ווי צוויי קינדער קענען זיי נישט האָבען און האָבען בעשלאָסען אַז עפּיס מוז איצט געטון ווערען. ער האָט איהר אָבער אָנגעזאָגט אַז זי זאָל זיך אָנפרעגען אויב דאָס אונטערברעכען פון דער שוואַנ־גערשאַפט קען נישט שאַדען צום געזונד, און אויב יאָ, זאָל זי בע־סער גאָר נישט לאָזען טון. נור זי האָט זיך אָבגעווישט די טרעה־רען און געשוויגען, וועהרענד איהר פּנים האָט איצט געקריגען אַן ענטשלאָסענע מינע, וועלכע האָט געשיינט אָנצודייטען אַז זי האָט נישט מורא פאַר קיין שום געפאַהר.

דעם נעכסטען טאָג האָט זי איבערגעלאָזט די קינדערלעך ביי איהר מאַמען און זי האָט אָנגעהויבען דעם שווערען און טרויריגען און ערנידריגענדען וועג פון אַלע פּראָלעטאַרישע מאַמעס. זי האָט בעזוכט פריינדינען, בעקאַנטע און שכנות, כדי וואָס מעהר צו ער־פאַהרען וועגען פרויען וואָס זענען אין איהר לאַגע. מעהרסטענס פלעג זי נישט דירעקט פרעגען וועגען זיך, נור זי פלעג מאַכען אַ געשפּרעך וועגען דעם ענין אין אַלגעמיין. טעג זענען פערגאַנגען און קיין פּראַקטישען בעשלוס האָט זי נישט געקענט נעמען. זי האָט געהערט שוידערהאַפטע געשיכטען פון פרויען וואָס האָבען זיך אַליין בעהאַנדעלט און געזוכט פּטור צו ווערען פון אַן אונגעווינשטע שוואַנגערשאַפט, זי האָט געהערט וואָס פאַר אונגלויבליכע זאַכען זיי האָבען געברויכט דערצו און ווי קראַנק מאַנכע פון זיי זענען געוואָרען, זי האָט געהערט פון איינער וואָס איז דערפון געשטאָרבען. זי האָט ערפאַהרען די אַדרעסען פון העבאַמען און אזוי פרויען און מענער וואָס געבען זיך אָב מיט דיזע בעהאַלטענע זאַכען. און זי

האָט שוין געוואָלט געהען צון אַ העבאַמע ; נור זי האָט געלעזען אין אַ צייטונג וועגען אַ טרויעריגען פאַל פון אַ פרוי וואָס איז אומ־געקומען דורך אַן אָפּעראַציאָן פון אַ העבאם ; זי האָט אויך ער־פאַהרען אַז די העבאַמען ארבייטען נישט תמיד ריין און וויסענ־שאַפטליך. דערפאַר איז זי שוין געגייגט געווען צו געהען צון אַ דאָקטאָר, נור זי האָט ציערשט געוואָלט אויספּרובירען די הויז־מיטלען, וועלכע די פרויען האָבען איהר געלויבט. זי האָט געמאכט שרעקליך הייסע בעדער און איינשפריצונגען, זי איז געלאָפען, זי האָט געשפּרונגען, זי איז אַרומגעגאַנגען גאַנצע טעג און אהיים גע־קומען אַ מידע, אַ צובראָכענע, אָבער עס האָט גאָר נישט געהאָל־פען. זי האָט שוין אָנגעהויבען צו צווייפלען אויב עס איז אמת אַז אַזעלכע מיטלען העלפען אַנדערע פרויען. דערנאָך איז געקומען אַ סדרה מעדיקאַמענטען. זי האָט איינגענומען די עקעלהאפטעסטע אָבפיהרמיטלען, זי האָט געשלונגען אַלערהאַנד פּאַטענטירטע און נישט פּאַטענטירטע פילען, וואַסערען, פּולווער, אַזעלכע וואָס פרויען האָבען איהר געגעבען און די וואָס זי האָט געקראָגען פון דעם אַפּאָ־מעקער. עטליכע מאָל האָט זי זיך טאַקע געפיהלט קראנק, אָבער דער ערוואַרטעטער רעזולטאַט איז נישט געקומען. זי איז געוואָרען בלאַס, מאָגער, אָבגעשוואַכט, נאַכלעסיג אין הויז און ארום זיך ; די קינדער האָט זי קוים געזעהען עטליכע מינוט אין טאָג.

איהר מאַן האָט זיך ערגעץ געליהען עטליכע דאָלאַר און זי איז אַוועק צון אַ דאָקטאָר. עס איז געווען איינער פון וועלכע זי האָט געהערט אַ סך גוטעס. אָבער דיזער ערשטער שריט איז געווען אַן ענטוישונג. דער דאָקטאָר האָט איהר ערקלערט אַז, כאָטש ער סימ־פּאַטיזירט מיט איהר, קען ער גאָר נישט טון, ווייל עס איז אונגע־זעצליך, און ער וואָלט זיך און זיין קאַריערע און זיין פאַמיליע גע־שטעלט אין אַ גרויסער געפאַהר. קיין בעטען און וויינען האָט נישט געהאָלפען.

דאַן איז זי געגאַנגען צו דעם בעקאַנטען דר. זויגמאַן נומער 1, דער וועלכער איז אַזוי טעטיג אין דער עפענטליכקייט און ביי וועמענס טיר עס שטעהט תמיד אַ נעגער. ער האָט איהר זאָפאָרט גע־זאָגט אַז ער וועט עס טון און האָט איהר אָנגעגעבען זיין פּרייז. זי איז דערשראָקען געוואָרען און איז צוגעגאנגען צו דער טיר. דער

דאָקטאָר האָט אַ שפּרונג געטון, האָט פערשלאָסען די טיר און צו־גענומען דעם שליסעל.

— איידער איהר געהט אַוועק מוזט איהר מיר בעצאָהלען; עס איז פינף דאָלאַר.

— פינף דאָלאַר? איהר האָט דאָך מיך אַפילו נישט אונטער־זוכט... און איך ווייס אַז אייער פרייז איז נישט אַזוי פיעל.

— איך וויל אָבער פינף דאָלאַר... שנעל, איך האָב נישט קיין צייט! איהר ווייסט אז איך קען אייך לאָזען אַרעסטירען, פאַר פערלאַנגען אַ פערברעכערישעס מיטעל.

און זי האָט איהם געגעבען דאָס געלד, נישט ווויסענדיג אז זי קען איהם גראָד אַזוי גוט לאָזען אַרעסטירען.

נאָכמיטאָג איז זי געזעסען און געוואַרט אין וואַרטעצימער פון דר. זויגמאַן נומער 2. דער דאָקטאָר איז געקומען צופאָהרען מיט אַ לייכטען וואָגען, מיט צוויי פערד, וועלכע אַ קוטשער האָט געפיהרט. דאָס וועגעלע מיט די פערד פלעג ער דינגען אויף דעם חודש און פלעג פאָהרען אַפילו צו די נאָהענטסטע וויזיטען. זיינע פּאַציענטען האָבען געגלויבט אַז דאָס איז זיין וואָגען און דאָס איז געוועזען פאַר זיי אַ בעסער צייגניס ווי זיין דיפּלאָם. אין די מע־דיצינישע פעראייניגען און געזעלשאַפטען פלעג ער דונערען געגען די פערברעכערישע האַנדלונגען פון די דאָקטוירים וואָס מאַכען די פרויען מפּיל זיין, בעטראַכטענדיג זיי אַלס זעלטענהייטען, כאָטש ער האָט געוואוסט אז מעהר ווי די העלפט פון זיי טוען עס. אַלע זיינע צוהערער פלעגען איהם לויבען און פלעגען אויך רעדען געגען דער „געמיינער, נידריגער פּראַקטיקע פון עטליכע פערבלאָנזעטע ערצטע, וואָס בעשמוצען אונזער נאָבעלע פּראָפעסיאָן". און אַלע מיטגליעדער פון דיזען מעדיצינישען פעראיין פלעגען אין געהיים אָפּערירען שוואַנגערע פרויען. און אויך דר. זויגמאַן נומער 2 איז צווישען די פרויען בעקאַנט געווען אַלס איינער וועלכער טוט עס אָפּט.

מיט די אידישע פּאַציענטען האָט ער גערעדט דייטש, כדי זיי איינצופלייסען מעהר רעספּעקט, כאָטש ער איז ערצויגען געוואָרען מיט אידיש און כאָטש דיזע שפּראַך האָט ער אַם בעסטען געקענט.

ער האָט באַלד איינגעוויליגט צו טון וואָס זי האָט פערלאַנגט,

אָבער אַזוי ווי דער פּרייז איז געוועז אַ צו הויכער פאַר איהר, האָט זי צוגעזאָגט צו קומען דעם נעכסטען טאָג און איז אַוועק מיט דער אַבזיכט נישט מעהר צוריקצוקומען.

דר. זויגמאַן נומער 3 איז געוועזן אַן אָנפאַנגער. ער האָט פערלאַנגט אַ קליינע סומע פאַר העלפען איהר און האָט איהר געגעבען פּילען. אַ פרעהליכע איז זי אהיים געקומען, נור ווען עטליכע טעג זענען אַוועק, האָט זי געזעהען אַז קיין ווירקונג איז נישטאָ. דער דאָקטאָר האָט איהר נעמליך געגעבען אַ גאַנץ גלייכגילטיגע מעדיצין.

דר. זויגמאַן נומער 4 איז געוועזן צו „פריינדליך“ צון איהר און האָט אויף איהר געמאַכט אַ שלעכטען איינדרוק, איז זי שנעל אַוועק, כמעט אַנטלאָפען, נאָך איידער ער האָט זי אונטערזוכט.

דר. זויגמאַן נומער 5 האָט פערלאַנגט אַ סומע געלד, כדי זי צו רעקאָמאַנדירען צון דר. זויגמאַן נומער 6, וועלכער וועט איהר העלפען. דר. ז. נומער 5 איז געוועזן אַ שותף פון דר. ז. נומער 6, וועמען ער פלעג שיקען „פעלע“.

דר. זויגמאַן נומער 6 האָט איהר ענדליך געהאָלפען. דאָס איז געוועזן זיין שפּעציאַליטעט ; ער האָט קיין אַנדערע אבטיילונג פון מעדיצין נישט פּראַקטיצירט.

ווי אַזוי די הילפע איז געוועזן, וואָס די פרוי האָט געליטען ביז זי האָט זיך ערהאָלט, דאָס זענען לאַנגע טרויעריגע קאַפּיטלען, וועלכע איך וועל אפשר שפּעטער אַמאָל דערצעהלען.

אָבער דערווייל זאָלען אַלע וויסען ווי אַזוי פּראָלעטאַרישע פרויען ליידען.

---

# מפּיל זיין

מען אונטערשיידעט צוויי סאָרטען מפּיל־זיין : דער אמת׳ער מפּיל (אָדער אַ ב אָ ר ט ו ס) און די פריהגעבורט. מיר וועלען מעהרסטענס בלויז דעם ערשטען אָנרופען מיט דעם נאָמען מפּיל.

אַ מפּיל איז דאָס אַרויסקומען פון דער פרוכט אין די ערשטע 28 וואָכען פון דער שוואַגערשאַפט, דאָס הייסט ווען די פרוכט קען ניט לעבען אויסערהאַלב דער געבערמוטער. אַ פריהגעבורט איז דאָס אַרויסקומען פון דער פרוכט אין דעם אכטען ביז צעהנטען שוואַנ־

גערשאַפטס־מאָגאַט, דאָס הייסט ווען די פרוכט קען, אונטער ריכ־טיגער אויפפּאַסונג, בלייבען לעבען.

אורזאַכען:

1. דאָס אָבשטאַרבען פון דער פרוכט דורך קראַנקהייטען וואָס זענען איבערגעגאַנגען צו דער פרוכט פון די עלטערען און דורך אונריכטיגע אויסבילדונג אָדער דורך קראַנק־הייטען פון דער פרוכט אליין, פון די הייטלעך וואָס וויקלען זי ארום, פון דער פּלאַצענטאַ (דאָס אָרט) און פון דעם נאָפּעל־שטראַנג. אַ זעהר אָפטע אורזאַכע פון אָבשטאַרבען פון דער פרוכט אין די ערשטע מאָנאַטען פון דער שוואַנגערשאַפט איז סיפיליס, אַן אָנשטעקענדע געשלעכטס־קראַנקהייט. אויב דער פאָטער אָדער די מוטער זענען סיפיליסטיש אין דער צייט פון'ם סעקסועלען פער־קעהר קען (נישט מוז!) די פרוכט די קראַנקהייט ירש'ענען און איי־נע פון די פאָלגען דערפון איז דער טויט פון דער פרוכט. עס איז אויך מעגליך אַז דיזע קראַנקהייט זאָל איבערגעהען פון דעם פאָטער אויף דער פרוכט און נישט קראַנק מאַכען די מוטער אָדער וועניגס־טענס נישט הערפאָררופען קיינע קענטליכע סיפיליסטישע סימפּ־טאָמען אין איהר. — ניט נור סיפיליס; אויך אַנדערע שווערע קראַנקהייטען פון דער מוטער, אין אַ שווערען גראַד, סיי זי האָט זיי געקראָגען פאַר דער שוואַגערשאַפט, סיי וועהרענד דער שוואַנגער־שאַפט, קענען האָבען אַלס פאָלגע דעם טויט פון דער פרוכט, — צום ביישפּיעל, ניערען־קראַנקהייטען, האַרץ־קראַנקהייטען, לונגען־קראַנק־הייטען. אָבער זעהר אָפט זעהט מען פרויען מיט אַזעלכע קראַנק־הייטען אויסטראָגען און געבערען געזונדע קינדער.

ווען דאָס קינד שטאַרבט, ווערט די געבערמוטער גערייצט און זי וואַרפט דאָס קינד אַרויס. מעהרסטענס בלייבט די טויטע פרוכט נישט לאַנג אינעווייניג. אָבער עס קען זיך מאַכען זי זאָל יאָ דאָרט בלייבען אַ לענגערע צייט און זיך פערענדערען, ווי עס וועט בעשריי־בען ווערען ביי אַן אַנדערער געלעגענהייט.

2. קראַנקהייטען פון דער מאַמען אָדער פון דער פרוכט, דורך וועלכע די פרוכט שטאַרבט נישט אָב, אָבער וועלכע פערורזאַכען אַ מפּיל. צום ביישפּיעל, קראָני־שע קראַנקהייטען וואָס די פרוי האָט פון פריהער; אָדער אקוטע

ערשט ערוואָרבענע קראַנקהייטען ; בלוט־אַרמוט ; קראַנקהייטען פון דער געבערמוטער אַליין ; צוזאַמען־וואַקסונגען פון בויך־אָרגאַ־נען אַלס אַ פאָלגע פון אָפּעראַציאָנען ; מאַנכע מעדיקאַמענטען, וועלכע מען גיט אין צוליעב קראַנקהייט ; אונריכטיגע לאַגע פון דער פּלאַצענטאַ ; צופעלע, ווי אַרונטערפאַלען פון ערגעץ, זיך שטאַרק אָנשטויסען דעם בויך ; פּסיכישע אַנאָמאַליען, ווי גרויסע יסורים ; קינסטליכע אונטערברעכונג פון דער שוואַנגערשאַפט ; קראָנישע בליי־פערגיפטונג, ביי פרויען וואָס אַרבייטען אין פאַברי־קען וואו בליי ווערט פיעל אָנגעווענדעט ; — מאַנכמאָל בלייבט די אורזאַכע אונבעקאַנט.

אויף איינער פון דיזע אורזאַכען פון מפּיל־זיין וויל איך מיך אַביסעל מעהר אָבשטעלען. דאָס איז די ק י נ ס ט ל י כ ע אונטערברעכונג פון דער שוואַנגערשאַפט.

די קינסטליכע אונטערברעכונג פון דער שוואַנגערשאַפט איז איינע פון די טרויעריגסטע פּאַסירונגען אין דעם לעבען פון אַ פרוי. עס זענען שוין בעשריבען געוואָרען אונטער דעם טיטעל „די פּראָ־לעטאַרישע מאַמע“, די וואַנדערונגען פון אַ מאַמען מיט איהר שוואַנ־גערען בויך. דער שרייבער פון דיזע צייל‏ען איז געגען דעם קינסט־ליכען מיפּל, ווייל ער ווייסט אַז, אויב פרויען וואָלטען פ ע ר ה י ט די שוואַנגערשאַפט, וואָלטען זיי נישט געדאַרפט אָנקומען צו דעם מפּיל. ליידער איז עס אָבער נישט ערלויבט געזעצליך זיי צו גע־בען די מיטלען דורך וועלכע די פערהיטונג קען אויסגעפיהרט ווע־רען, אַזוי אַז מיט דעם בעסטען ווילען איז מען געבונדען הענד און פיס דורך דעם געזעץ. די פרוי וואָלט געדאַרפט זיין אַ בעל הבית׳טע איבער איהר אייגענעם קערפּער און טון פראַנק און פריי וואָס זי וויל. דאַן וואָלט זי זיך נישט געדאַרפט ווענדען אין געהיים פאַר הילף צו אַזעלכע מענשען וואָס זענען אונפעהיג, וואָס נאַרען זי אָב אָדער מאַכען זי קראַנק. ווי געהיים דיזע שוואַנגערשאַפטס־אונ־טערברעכונגען זאָלען נישט זיין, ווי אונגעזעצליך, ווי נישט „עטיש“ פאַר דאָקטוירים און העבאַמען, ווייסט אָבער דאָך יעדער אַז זיי ווערען געמאַכט אין די טויזענער יעדען טאָג, אין יעדען אָרט. וואָצו אַלזאָ דאָס בעהאַלטעניש ? וואָצו דאָס געזעץ ? ווייסען מיר דאָך אַז מעהר ווי די העלפט דאָקטוירים בעשעפטיגען זיך מיט

אָבטרייבען די שוואַנגערשאַפט און אַז פיעלע ווערען דערפון רייך, כאָטש זיי שרייען אויף די מעדיצינישע פערזאַמלונגען אַז זיי זענען דאַגעגען און אַז זיי האַלטען עס פאַר אַ „פערברעכען“; פערקעהרט, ס'איז פאַראַן אַ מינאָריטעט דאָקטוירים וואָס טוען עס אונטער קיין שום פּרייז, אָבער זיי פערלאַנגען אַז עס זאָל זיין ערלויבט עס צו טון.

אָבער נישט תמיד קען מען האָבען סימפּאַטי און מיטלייד מיט די פרויען וואָס ווילען אָבטרייבען זייער פרוכט. ווען מען זעהט אַן אַרבייטער־פרוי וועלכע ווייסט וואָס פאַר אַ שווערע פעראַנטוואָרט־ליכקייט אַ קינד איז, ווען מען הערט איהר לאַגע און ווען ס'איז שוין פון פריהער פאַראַן אַ גענוגענדע צאָהל קינדער כדי צו פער־מעהרען די אָרעמקייט, דאָס עלענד און די שקלאַפעריי, — פער־שטעהט מען לייכט איהר צושטאַנד און מען בעדויערט נור וואָס מען קען איהר ניט העלפען, אָדער מען בעדויערט וואָס זי האָט זיך ניט פערהיט זי זאָל ניט קומען דערצו. קומט אָבער צון אייך אַ פרוי וואָס געהערט צו דער מחנה פּאַראַזיטען וואָס ליגען אויף דעם קאַרק פון'ם אַרבייטענדיגען פאָלק, אַ פרוי וועלכע וויל נישט האָבען קיין קינד בלויז וועגען אויסערליכע גרינדע: זי וויל נישט איהר קערפּער „מיאוס מאַכען“ אָדער זי וויל ניט פערלירען איהרע געוועהנ־ליכע פערגניגענס, און אַזוי ווייטער, — דאַן איז זיכער קיינער נישט גענייגט אָנצואוועהרען אַפילו אַ זיפץ פאַר איהר. כאָטש אויך אַזאַ פרוי וואָלט געדאַרפט האָבען אַ רעכט צו פערלאַנגען די פולע פריי־הייט יאָ אָדער נישט צו טראָגען אַ קינד אין איהר קערפּער. איב־ריגענס זענען אַזעלכע פרויען מעהרסטענס גאָר נישט ווערט און נישט ווירדיג צו זיין מאַמעס. — נור וואָס קען מען זאָגען וועגען די מיידלעך־מאַמעס וואָס ווילען ניט שוואַנגערען בלויז דערפאַר ווייל זיי זענען ניט פערהייראַט נאָך אַלע רעליגיעזע און געזעצליכע פאָר־מען און ווייל זיי האָבען מורא פאַר דער עפענטליכער מיינונג? מאַנכעס מאָל, ווען מען פרעגט זיי פאַר וואָס זיי ווילען עס אָבטריי־בען, — איז דען דער פאָטער פון דער פרוכט אַנטלאָפען? אָדער האָט זי איהם פיינד געקראָגען און וויל נישט האָבען קיין קינד פון איהם? אָדער איז זי פון איהם פערגעוואַלטיגט געוואָרען? (כאָטש איך גלויב זעלטען אין אַזעלכע פערגעוואַלטיגונגס־געשיכטען), — וועלכע וואָלטען געווען ענטשולדיגענדע גרינדע פון'ם מענשליכען

אָבער נישט פון דעם באַרבאַריש־געזעצליכען שטאַנדפּונקט, — ענט־פערט דאָס מיידעל : „ניין, איך האָב גאָר נישט צון איהם, מיר ליעבען זיך, אָבער ס׳איז אַן עברה אַזוי צו האָבען אַ קינד, מען טאָר עס נישט ; מיר זענען דאָך עפּיס אידען — אָדער קריסטען ! — „נו, שטעלט מען אַ חופּה !“ — „דאָס קענען מיר נישט, ווייל מען וועט זיך אָנשטויסען“... אַך, וואָס פאַר אַ נידערטרעכטיגע היפּאָ־קריזי ! ס׳איז אַן עברה צו האָבען אַ קינד „פאַר דער חתונה“, אָבער ס׳איז נישט קיין עברה עס אָבצוטרייבען ! ווי אַזוי קען מען איין פעהלער פאַר אייער גאָט אָבווישען, איהם בעדעקענדיג מיט אַן אַנדערען פעהלער ? איז דען ניט דער צווייטער פעהלער אַ פּיעל גרעסערע זינד אַפילו פון דעם רעליגיעזען שטאַנדפּונקט ? — ניין, זוכט מיך נישט אָבצונאַרען ; איהר ווילט עס טון פאַר דער ענגער „עפענטליכער מיינונג“ פון אייער קליינליכער אומגעבונג ! איהר האָט נישט מורא פאַר אייער גאָט ; איהר האָט מורא פאַר אייער שכן ; איהר זענט פייג ; איהר זענט ניט ווערט גליקליך צו זיין און צו געניסען דאָס הימלישע פערגניגען פון אַ געשלעכטליכער אומאַרמונג, ווייל איהר ווילט אייער טאַט בעהאַלטען און יעדע שפּור פון איהר צערשטערען ! דען איהר זאָגט דאָך מיר אַז אַ קינד ווילט איהר האָבען, נור שפּעטער, נאָך דער חתונה ! — נאָך דער חתונה ! אָבער אייער חתונה איז דאָך שוין געווען, — זי האָט שטאַטגעפונען דאָרט וואו איהר האָט זיך פעראייניגט, און אויב ס׳איז אמת אַז איהר ביידע האָט זיך ליעב, קען ניט זיין קיין הייליגערע חתונה ווי אייערע. יעדער וואָס וועט זיך אַריינמישען אין די בע־ציהונגען צווישען אייך, סיי וועלכע אויטאָריטעט, — די שול, דער קלויסטער, די רעגירונג, דער עולם, אייער פאַמיליע, אייער טאַטע־מאַמע, — וועט פערונרייניגען און בעליידיגען די הייליגקייט פון אייער חתונה, וועלכע איז פערזיגעלט געוואָרען מיט אייער אויפ־ריכטיגער ליעבע... אָבער זעהר אָפט הערט מען כמעט דיזעלבע ווערטער און ענטשולדיגונגען ביי זאָגענאַנטע „ראַדיקאַלע“ פּאָאָר־לעך, ביי אַזעלכע וואָס האָבען געלערענט צו רעדען מיט גרויסע, הויכע, רויטע, רעוואָלוציאָנערע פראַזען, אָבער וואָס דענקען אַז אין זייער לעבען דאַרפען זיי קיין שום ענדערונג ניט מאַכען, ביי אַזעל־כע וואָס לעגען אָב אַלעס אויף דער „צוקונפטיגער געזעלשאַפט“,

דאָס הייסט ווען זיי וועלען שוין פון לאַנג ניט עקזיסטירען, — ביי אזעלכע וואָס פערשטעהען נישט אַז ה י י נ ט געהט אָן די רע־וואָלוציאָן און אַז ז י י דאַרפען זי מאַכען דורך ביישפּיעלע פון זייער לעבען. זיי פּלאַפּלען אויך פון אַ „רעספּעקט פאַר די עלטע־רען׳ס געפיהלען“, פון דער „געזעלשאַפטליכער טיראַניי“. „מיר זענען פרייגעזאָנען, פערזיכערען זיי אונז, מיר דאַרפען נישט די נאַרישע געזעצליכע און רעליגיעזע פאָרמען, אָבער די געזעלשאַפט! שפּעטער, נאָך דער הייראַט, וועלען מיר האָבען קינדער; אָבער איצט, קענען מיר נישט“. — איהר פערשטעהט; נישט ווייל דאָס מיידעל דאַרף געהען אַרבייטען קענען זיי נישט האָבען אַ קינד, ניט ווייל זיי האָבען זיך ביידע צוקריגט, — ניין, בלויז דערפאַר ווייל זיי שעמען זיך און ווייל זיי האָבען מורא. און דאָס רופט זיך אָן „ראַדיקאַל“! און דאָס האָט ניט דעם מוט צו טון איין שפּאַן „קע־גען דער געזעלשאַפט“, — אפשר דער איינציגער וואָס וועט זיי אויס־קומען צו טון אין זייער גאַנץ לעבען פון „רעוואָלוציאָנערען“! געהט צום טייפעל מיט אייער ראַדיקאַליזם! איהר זענט געגוי אַזעלכע היפּאָקריטען ווי די רעליגיעזע היפּאָקריטען! ...ניין, אויף אַזעלכע מענשען קען מען נישט האָבען קיין רחמנות!

די מיטלען וואָס ווערען געברויכט די שוואַנגערשאַפט קינסטליך צו אונטערברעכען, קענען איינגעטיילט ווערען אין: מעדיצינישע און כירורגישע. די מעדיקאַמענטען וואָס מען גיט (סעקאַלע, אַלאָעס, סאַבינאַ און אַזוי ווייטער) זענען אַלע שעדליך, סיי אין וועלכער פאָרם מען זאָל זיי נישט נעמען, דען זיי זענען גיפטען פאַר דעם גאַנצען קערפּער און א י נ ע פון זייערע גיפטיגע ווירקונגען איז דאָס מפּיל־זיין. אַ סך פרויען זענען שוין פון זיי געשטאָרבען, אַ סך זענען קראַנק געוואָרען. אויב זיי מאַכען נישט די פרוי קראַנק, קענען זיי אויך נישט האָבען די געווינשטע ווירקונג אויף דער געבערמוטער און אויף דעם קינד, ווייל דאַן זענען זיי צו שוואַך. כמעט אַלע פּילען וואָס מען קויפט אין די אַפּאָטעקען פאַר גרויסע סומען געלד, ווי שען זייערע נעמען זאָלען נישט קלינגען און פון וועלכע לענדער זיי זאָלען נישט קומען, זענען אַבסאָלוט אונניצליך; זיי שאַדען נישט און העלפען נישט. אָפטמאָל, ווען איהר פערלאַנגט אַזאַ מיטעל ביים דאָקטאָר, גיט ער אייך אויך אַ

דען, מען זאָל זיך גוט ערנעהרען, אָבער ניט איבערעסען; רוה, ריינקייט, קיין געשלעכטליכען פערקעהר און קיין אויפרעגונג, קיינע רייצענדע שפּייזען און געטרענקע. די אָפּיציעלע מעדיקאַמענטעזע בעהאַנדלונג בעשטעהט פון לאָקאַלע מיטלען, ווען נויטיג, און פון אַל־געמיינע מיטלען. זייט הונדערטער יאָהרען בעהאַנדעלט מען סיפּילים מיט קוועקזילבער אין אַלע זיינע פאָרמען; מען בעהויפּטעט אז מען האָט דערמיט ערפאָלג, נור מיט דער בעדינגונג ניט צופיעל דערפון און עס ניט דורך דעם מויל צו געבען. אָבער א סך מאָל האָט מען דאָס מיטעל פערוואָרפען, ווייל ס'איז זעהר שעדליך. נו, ס'איז אמת אַז קוועקזילבער און זיינע צוזאַמענזעצונגען זענען שטאַרקע גיפטען; זיי קענען אונז פלעצליך אָדער לאַנגזאַם קראַנק מאַכען. מעהרערע אויטאָריטעטען האָבען בעהויפּטעט אַז קוועקזילבער ברענגט הערפּאָר אין אונז דיזעלבע סימפּטאָמען וואָס מיר רעכע־נען אויס ביי דער סיפּילים און אַנדערע געהען גאָר אַזוי ווייט אַז זיי האַלטען דאָס מיטעל פעראַנטוואָרטליך פאַר דער קראַנקהייט. איך וויים אָבער פון ערפאַהרונג אַז דאָס איז איבערטריבען; אמת, די אונוויסענהייט און געלדגיריגקייט פון פיעלע דאָקטוירים איז שולדיג אין דעם ליידען און טויט פון מיליאָנען מענשען דורך דער אונריכטיגער אָנווענדונג פון קוועקזילבער; אָבער איך וויים גאַנץ בעשטימט אַז די סימפּטאָמען פון סיפּילים ערשיינען אָהן קיין שום בעהאַנדלונג, אָהן קיין שום איינפלוס פון קוועקזילבער.

וואָס אַנבעלאַנגט עהרליך'ס סאַלוואַרסאַן, אָדער 606, ענטהאַלט עס אויך א שווערען גיפט, אַרסע־ניק און עס האָט שוין ביז איצט פערומגליקט, בלינד געמאַכט און גע'הרג'עט מעהרערע הונדערטער מענשען. פיעלע פון זיינע אַנהענגער, ליידער ניט אַלע, זענען איצט געוואָרען גלייכגילטיג אָדער סקעפּטיש דערצו. אין פראַנקרייך האָט דער בעריהמטער פּראָפע־סאָר גאָשע פּראָטעסטירט געגען די אָנווענדונג פון 606 און אין דייטשלאַנד האָט א בעקאַנטער ארצט ד"ר. דרייוו, א פּאָליציי־דאָקטאָר פון בערלין, וועלכער האָט א סך ערפאַהרונג מיט פּראָסטיטואירטע און מיט סיפּילים, אָנגעהויבען אַן ענערגי־שען קאַמפּף געגען דעם מיטעל; די מלחמה האָט דאָס אָבער אונטערבראָכען. און ער איז ניט דער איינציגער. וואַססמאַנן, דער רעדאַקטאָר פון דער פראַנקפורטער וואָכענשריפט „פרייגייסט“

האָט פאַר אַ יאָהרען בעוויזען דעם שאַדען וואָס דאָס מיטעל האָט געבראַכט אין אַ דאָרטיג שפּיטאָל; מען האָט אויך אין פראַנק־פורט־אַם־מאַין געהאַלטען אַ שפּעציעלען מאַסמיטינג אין וועלכען מען האָט פּראָטעסטירט געגען סאַלוואַרסאַן; דאָרט זענען דעם פּובליקום געצייגט געוואָרען קראַנקע און די ווירקונג פון 606 אויף זיי. וואַססמאַנן איז אָנגעקלאָגט געוואָרען, אָבער עהרליך׳ס פריינ־דע האָבען די זאַך פערטושט. — ווען סאַלוואַראַן איז נור וואָס ער־שינען, האָבען פיעלע דאָקטוירים און די נאַרישע, אונוויסענדע, סענזאַציאָן־ליעבענדע פּרעסע בעהויפּטעט אַז מיט אַ י י ן איינ־שפּריצונג פון סאַלוואַרסאַן ווערט סיפיליס געהיילט. שפּעטער האָט מען שוין געדאַרפט עטליכע איינשפּריצונגען און באַלד איז נויטיג געווען צו בעהאַנדלען מיטביידע מיטלען, מיט קוועקזילבער און מיט סאַלוואַרסאַן. און איצט זאָגען אונז מעהרערע שפּעציאַ־ליסטען אַז סאַלוואַרסאַן איז בלויז אַ נעבען־מיטעל. אין דער דייטשער פּרעסע איז אָנגעצייגט געוואָרען אַז אַ פונט סאַלוואַרסאַן קאָסט אונגעפעהר איין דאָלאַר, אָבער דעם קראַנקען פּובליקום פער־קויפט מען עס פאַר 2000 ביז 3000 דאָלאַר. די נויטיגע קוואַנ־טיטעט פאַר איין איינשפּריצונג קען מען אין אַמעריקא קויפען פאַר 3 ביז 5 דאָלאַר; אָבער די דאָקטוירים פערלאַנגען 25 ביז 50 דאָלאַר פאַר אַן איינשפּריצונג! אַ סך שווינדעל־דאָקטוירים פּראָפיטירען פון דעם טומעל און געבען זיי וואַסער אַנשטאַט 606. דאָס לעצטע איז שוין בעסער ווי די האַנדלונג פון די וואָס גלויבען טאַקע אין סאַלוואַרסאַן און פערגיפטען זייערע קראַנקע. אַזוי פערלירען די אָרעמע קרבנות נור געלד, אָבער ניט זייער געזונד. דיזע געלד־פראַגע ערקלערט וואָרום מען וועט ניט קענען דאָס מי־טעל אַזוי שנעל פון דער בעהאַנדלונג פערטרייבען.

אין דער לעצטער צייט איז פאַראַן נ ע אָ ־ ס אַ ל ו ו אַ ר־ ס אַ ן, אַ „בעסערע“ פאָרם פון 606. עס איז אפשר ווענינער געפעהרליך ווי סאַלוואַרסאַן, אָבער הערט וואָס איז געשעהען דער־מיט פאַר־אַ־יאָהרען אין אַ שפּיטאָל אין לאָס־אַנגעלעס: מען האָט עס איינגעשפּריצט אַ כ ט פּאַציענטען מיט סיפיליס און ז י ב ע ן פ ו ן ז י י ז ע נ ע ן א י ן ע ט ל י כ ע ש ט ו נ ד ע ן א ר ו ם ג ע ש ט אָ ר ב ע ן! דער אַכטער

איז געפעהרליך קראַנק געוואָרען. די אונטערזוכונג האָט אַרויס־געגעבען, אַז די מעדיצין איז געווען שלעכט, נישט פריש און אַז דאָס שפּיטאָל האָט זי געקויפט ביי אַ קאָמפּאַני וואָס האָט זי גע־געבען ביליגער ווי אַלע אַנדערע סוחרים האָבען זי אָפּערירט. דאָס הייסט, מען האָט געזוכט איינצושפּאָרען עטלי־כע דאָלאַר און דאָס האָט געקאָסט די זיבען לעבענס און ווער ווייסט וויפיעל נאָך לעבענס פון מענשען וואָס זענען נישט זאָפאָרט נור לאַנגזאַמער געשטאָרבען און פון וועלכע מען האָט זיך ניט דערוואוסט! און דאָס הייסט, אַז נעאָ־סאַלוואַרסאַן איז אַזאַ מיטעל, וועל־כעס, ווען ניט גאַנץ פריש, קען הרג׳ענען אַ מענשען!

דאָס זענען די מאָדערנע מיטלען געגען סיפיליס!

איהר האָט וואַרשיינליך געהערט אַז די בעהאַנדלונג דאַרף דויע־רען 3 ביז 4 יאָהר. דאָס איז ניט אימער אמת. אין אַ לייכטען פאַל דויערט זי נור עטליכע מאָנאַטען, נאָך וועלכע מען קומט צום דאָק־טאָר איין מאָל אין 3—4 חדשים כדי בלויז בעאָבאַכטעט צו ווערען. אויב קיינע סמנים ערשיינען ניט אין 3 יאָהר צייט, איז מען געהיילט. די שווערערע פעלע, וואו מען דאַרף מעהר בעהאַנד־לונג, זענען אַ סך זעלטענער ווי די לייכטע.

---

# זיץ־בעדער

אַ זיץ־באָד איז אַ באָד פאַר דעם אונטערשטען טייל פון דעם קערפּער, אָבער נישט פאַר די פיס. עס ווערט געברויכט אַלס אַ מיטעל געגען פערשידענע קראַנקהייטען פון דעם אונטערשטען טייל פון קערפּער, געגען העמאָראָידען, געגען קראַנקהייטען פון די אינ־ערליכע און אויסערליכע געשלעכטס־אָרגאַנען פון מאַן און פרוי. די זיץ־בעדער זענען פערשידען נאָך דער טעמפּעראַטור, קאַלטע, לעבליכע, וואַרמע און הייסע. די הייסע און וואַרמע קענען האָבען אַ גוטע ווירקונג אַלס שמערץ־שטילענדע בעדער וועגען שמערצ־האַפטע אָרגאַנען פון יענער געגענד; זיי דיענען אויך אַלס אַנ־רעגונגס־מיטעל ביי געשלעכטליכער אימפּאָטענץ, שפּעציעל ווען מען מאַכט זיי אין אָבענד, איידער מען געהט שלאָפען. הייסע און וואַר־



פיג. 35. — זיץ־באָד.

מע זיץ־בעדער קענען זיין שעדליך ביי ענטצינדליכע צושטענדען. ביי דיזע איז עס מעהרסטענס ווירקזאַם צו מאַכען קיהלע אָדער קאַלטע זיץ־בעדער. — אַ זיץ־באָד דאַרף געוועהנליך דויערן אַ האַלבע שטונדע ; דאַמאָלס קען מען דאָס וואַסער יעדעס מאָל דערוואַרמען, אונטערגיסענדיג פון צייט צו צייט הייס וואַסער. דאָרט וואו עס איז מעגליך, איז אַ וואַרם באָד בעסער ווי אַן איינ־שפּריצונג פון מאָרפין, כדי צו שטילען שמערצען, ווייל עס קען ניט האָבען די שלעכטע פאָלגען פון דיזען גיפט. — מען קען אַם בעס־טע מאַכען אַ זיץ־באָד אין אַ טיעפען צובער, אין אַ טיעפער שיסעל אָדער אפילו אין דער וואַנע, אין וועלכער מען קען אַריין שטעלען אַ קליין בענקעלע (אין וואַסער), זיך דאַרויף זעצען, און די פיס אַרויסהענגען. עס זענען אויך פאַראַן שפּעציעלע וואַנעס פאַר זיץ־בעדער ; זיי זענען רונד און מיט אַ לעהנע וועגען די פּלייצעס ; ביי קראַנקע צושטענדען, ווען מען דאַרף זיי האָבען אַ לענגערע צייט, איז עס ווערט אויסצוגעבען עטליכע דאָלאַר און זיך אַזאַ וואַנע פערשאַפען.

מען דאַרף ניט פערגעסען. אַז די זיץ־בעדער זענען אָפּטמאָל נור

אַ סימפּטאָמאַטישע בעהאנדלונג, דאָס הייסט זיי נעמען נישט תמיד אַוועק די אורזאַכע פון דער קראַנקהייט; מען דאַרף אַלזאָ אויס־געפינען די אורזאַכע און זי בעהאַנדלען.

---

# די איינשפּריצונג אין דער שיידע

## (וואַגינאַלע דוש)

די איינשפּריצונג אין דער שיידע איז אַן איינשפּריצונג פון וואַסער, מיט אָדער אָהן אַ מעדיקאַמענט, מיט דעם צוועק צו וויר־קען אויף אַ געוויסען אופן אויף דער שיידע אַליין אָדער אויף די




פיג. 36. — נומער 2 צייגט די ריכטיגע, ליגענדיגע פּאָזיציע פאַר אַ שיידען־איינשפּריצונג; די שיידע איז אָפען. נומער 1, לינקס, צייגט די אונריכטיגע, זיצענדיגע לאַגע; די שיידע איז נישט אָפען.

אַנדערע אינערליכע געשלעכטס־אָרגאַנען פון דער פרוי, אָדער פּשוט כדי צו רייניגען אָדער צו האַלטען ריין די שיידע.

מען קען אָנווענדען די וואַגינאַלע איינשפּריצונג ביי ווייסען אויספלוס, ביי גאָנאָרעע אין דער שיידע, ביי ענטצינדונגען אין דער געבערמוטער אָדער אין די איבריגע אָרגאַנען אָדער געגענדען אַרום זיי אין דעם בעקען פון דער פרוי. אין די פעלע קען די איינשפּרי־צונג זיין די איינציגע בעהאנדלונג אָדער זי קען זיין אַ טייל פון דער גאַנצער בעהאַנדלונג.

אויב אַ פרוי דאַרף שטענדיג זיך מאַכען דושען אין דער שיידע,



פיג. 37. — דאָס ערשטע ביי דער איינ־ריכטונג פון אַ בעט־שיסעל. מען לעגט אונ־טער אַ ברעט, כדי די מאַטראַץ זאָל ניט איינ־זינקען; מען מאַכט אַ מין האַלבען בעגעל מיט אַ ליילעך.

איז אַ פראַגע וועגען וועלכער נישט יעדער קען זיין איינפערשטאַ־נען. די פערטיידיגער פון אזעלכע דושען זאָגען אז מען דאַרף די שיידע יעדען טאָג וואַשען אַזוי ווי מען וואשט זיך יעדען טאָג דאָס מויל. דער פערגלייך איז אָבער נישט ריכטיג, ווייל דאָס מויל איז



פיג. 38. — דער האַלבער בעגעל ווערט איבערגעדעקט מיט אַ קאוטשוק־ליינוואַנד וואָס הענגט אַראָב אין אַ צובער. (אויב מען האָט אַן אמת'ע פלאַכע בעט־שיסעל איז בעסער.)

געוועהנליך שמוציגער ווי די געזונדע שיידע; דאָס מויל נעמט אַריין עטליכע מאָל אין טאָג שפייזען, פון וועלכע עס בלייבען ברעק־לעך צווישען די ציינער אָדער אין אַנדערע ווינקעלעך פון'ם מויל; אין מויל קומט אָפט אַריין שליים פון דער נאָז, שפייעכץ פון די

לופט־רעהרען אָדער פליסיגקייט און גאַזען פון דעם מאָגען ; אָפט אָטעמט מען דורך דעם מויל און עס געהט דאָרט דורך לופט וואָס ענטהאַלט שטויב אָדער גאַזען. דערפאַר דאַרף מען דאָס מויל וואַשען און די ציינער רייניגען נאָך יעדען עסען ווי אויך זאָנסט נאָך



פיג. 39. — אַן אַנדערע פאָרם פון אַן אימ־פּראָוויזירטער בעט־שיסעל.

איינמאָל אַ טאָג. אָבער די שיידע איז אַ ריין אָרגאַן, וואָס ליגט אין אַ בעשיצט אָרט, ווייל אורין אָדער שטוהל קען, אונטער גע־וועהנליכע אומשטענדען, נישט אַריין אין איהר. די הויפּטזאַך איז צו האַלטען די דרויסענדיגע געשלעכטס־אָרגאַנען וואָס רייגער, — און פאַר דעם צוועק איז זייף און וואַסער דאָס בעסטע. פון דעם קענט איהר פערשטעהען אַז, ווען אַלעס איז נאָרמאַל, זענען ר י י־נ י ג ו נ ג ס־א י י נ ש פ ר י צ ו נ ג ע ן ניט געגוג. אפילו נאָך דער מענסטרואַציאָן איז עס נישט אבסאָלוט נויטווענדיג, ווי מאַנכע דענקען, זיך צו מאַכען אַן איינשפריצונג ; די שיידע רייניגט זיך אַליין.

ווען מען געהט צו קינד, מיט אַ פּאָר שטונדען פ א ר ד ע ר ע נ ט ב י נ ד ו נ ג, ווען די וועהען הויבען זיך אָן, געהערט עס צו דער פּאָרבערייטונג צו דער ענטבינדונג, זיך צו מאַכען איין מאָל אַן איינשפריצונג אין די שיידע ; אָבער ווי אַזוי זי צו מאַכען איז דאָ ניט דאָס פּלאַץ צו בעשרייבען.

איצט, לאָמיר צוריקקומען צו די אַלגעמיינע רעגלען וועגען דער וואַגינאַלער איינשפריצונג. דאָס ו ו א ס ע ר מוז ניט זיין

אויסגעקאָכט ביי געוועהנליכע איינשפּריצונגען, אָבער ס'איז בעסער ווען עס איז יאָ. עס דאַרף קיין מאָל ניט זיין קאַלט. עס זאָל זיין וואַרם, אָבער ס'איז גוט מען זאָל די וואולוואַ, די ליפּען, אָנשמירען מיט וואַסעלין איידער מען מאַכט די איינשפּריצונג, ווייל זיי זע־נען זעהר עמפּינדליך קעגען וואַרעמקייט, וועהרענד די שיידע אַליין איז אַ סך ווענינער עמפּינדליך. צוויי קוואָרט (ליטער) וואַסער איז אונגעפעהר דאָס מאָס פאַר אַן איינשפּריצונג. מען קען זי מאַכען איין מאָל אָדער צוויי מאָל אַ טאָג, נאָך דעם בעדירפניש. דער איריגאַטאָר זאָל נישט ווערען אויפגעהאַנגען הויך (ווי ביים קליסטיר), כדי דאָס וואַסער זאָל פליסען לאַנגזאַם. דער איריגאַ־טאָר מוז זיין ריין און דערפאַר זאָל מען איהם ניט לאָזען העגנען ווען ער איז ניט אין געברויך, ווייל ער ווערט זאָנסט פול מיט שטויב און שמוץ; מען זאָל איהם לאָזען אויסטראָפּען, אויסטריקענען און איהם בעהאַלטען אין אַ פערמאַכט אָרט. מען קען געברויכען דעמ־זעלבען איריגאַטאָר פאַר אַ קליסטיר אָדער אַ שיידע־איינשפּריצונג, אויב מען פאַסט אויף אַז ער זאָל זיין ריין; אָבער ס'איז בעסער נישט צו געברויכען דיזעלבע רעהר פאַר אַ קליסטיר ווי פאַר אַן איינשפּריצונג. עס פערשטעהט זיך אַז די קאַנילע מוז זיין אַ שפּעציעלע וועגען דער איינשפּריצונג. אויך איז עס אַ פעהלער אריין צו לעגען דאָס ענדע פון דער רעהר אין דעם איריגאַטאָר, ווי מאַנכע טוען עס. די קאַנילע זאָל נאָך דער איינשפּריצונג אַרויס־גענומען און אויסגעקאָכט ווערען; זי זאָל אויך אויסגעקאָכט ווע־רען פאַר דער איינשפּריצונג.

וועהרענד דער איינשפּריצונג דאַרף די פרוי ליגען, נישט זי־צען; ווייל וועהרענד זי זיצט, געהט דאָס וואַסער כמעט גאָר נישט אַריין. אויב זי האָט אַ וואַנע, איז דאָרט דאָס בעסטע פּלאַץ פאַר אַן איינשפּריצונג. אויב נישט, און ווען זי קען ניט אַרונטערגעהען פון'ם בעט, קען זי געברויכען אַ קאָוטשוק־לייוואַנד (ראָבבער־שיעט), אז דאָס וואַסער זאָל ניט באַנעצען דאָס בעט, ווי די דערבייאיגע בילדער צייגען.

די רעגולירונג פון די געבורטען, די פערהיטונג פון שוואַנגערשאַפט, איז דער רעוואָלוציאָנערסטער אַקט פון דעם 19טען יאָהרהונדערט. — בערנאַרד שאָ.

# מעדיצינישע באַנדיטען

ז י י ע ר ר ע ק ל אַ מ ע.

מיר ווייסען וואָס פאַר אַ שווערע אַרבייט עס איז צו בעקעמפפען די שווינדלען וואָס געהען אָן אין דער היילונגס־פּראָפעסיאָן. מיר ווייסען אַז עס נויטיגט זיך אַ הערקולעסכח כדי אויסצוררייניגען אַזעלכע אונערטרעגליך־שמוציגע אויגיאַסשטאַללען. נור מיר גלויבען אַז מיר וועלען נישט תמיד שטעהן אַליין אין קאַמפף; מיר האָפען אַז אין גיכען וועלען נאָך קרעפטע פון אונזער קוואַרטאַל קומען צו אונזער הילף, אַזוי אַז די מעדיצינישע פּראַקסיס אין דער אידישער בעפעלקערונג זאָל, ווען נישט אין גאַנצען זיך רעפאָרמירען, וועניגסטענס שטעהן אויף אַ העכערען צושטאַנד, וועניגסטענס זאָלען אַ טייל פון די קראַנקע פערשטעהן וואָס זיי האָבען צו פערלאַנגען פון דאָקטאָר. מיר ווילען אָבער נישט נור קעמפפען געגען דעם באַנדיטיזמוס פון די דאָקטוירים וואָס אדווערטייזען זיך; מיר וואָלטען נישט וועלען איהר זאָלט דענקען אַז די וואָס דרוקען קיינע רעקלאַמען זענען אַלע עהרליך. עס זענען דאָ צווישען זיי רויבער וואָס זענען אַזוי געפעהרליך ווי די אַנדערע און מיר דאַרפען זיי זיכער ניט שאַנעווען. און שרעקט זיך נישט פאַר די ווערטער „רויבער“ און „באַנדיטען“; זיי זענען נישט איבערטריבען. ווי אַזוי קאָן מען אָנרופען איינעם וועלכער פאַקט אייך אין אַ פינסטערער נאַכט, אויף אַ וועג וועלכער איז אייך אונבעקאַנט און וואו קיינער קומט אייך ניט צוהילף, — און בערויבט אייך? ניין, יענע אויסדריקע זענען צו מילד, צו שוואַך, וועיל דיזע רויבער האָבען אָנגעטון אַ מאַנטעל פון וואָהלטעטער און האָבען זיך מאַסקירט מיט אַ פנים וואָס זאָל אייך געבען צוטרויען און זענען בעוואַפענט מיט אַ דיפּלאָם פאַר וועלכער איהר האָט רעספּעקט; און דערפאַר קענען זיי בעסער רויבען און איהר קענט זיך גאָר נישט פערטיידיגען.

און טאַקע וועיל מיר קעמפפען ניט בלויז געגען די אָפענע מעדיצינישע באַנדיטען, נור אויך געגען די בעהאַלטענע שווינדלער־

דאָקטוירים, ווי ראַדיקאַל זיי זאָלען ניט זיין אין אַנדערע בעציהונ־גען, דעריבער העלפען אונז ניט די דאָקטוירים.

---

פאַר איינִיגע יאָהרען האָט אַ גרויסע אַמעריקאַנישע צייט־שריפט צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון עולם צו דער פראַ־גע פון די שווינדלערס אין דער מעדיצינישער פּראַקסיס, און פון די שווינדלערישע פּאַטענטירטע מעדיקאַמענטען. אין די רייהע אַרטיקלען איבער דער פראַגע איז אָבער נישט געזאָגט געוואָרען קיין וואָרט איבער די שווינדלערס וואָס האָבען דיפּלאָמען אין אָרד־נונג, וואָס זענען — נאָך דעם טיטעל און נאָך זייער שטודיום — ריכטיגע ערצטע, אָבער נאָך זייער אויפפיהרונג — די שרעקליכסטע רויב־פויגעל און היענען. און ווען אימעצער נעמט אויף זיך איצט די אויפגאַבע געגען זיי אין פעלד צו געהן, דאַרף ער נישט בלייבען שטעהן אין מיטען וועג און אויך פאָרגעהן געגען די אָרגאַנען, וועל־כע העלפען זיי אַזוי טריי צו פערשפּרייטען זייערע פערדונקלענדע ווערטער, אָרגאַנען וואָס זענען זעהר שטאַרק און געגען וועלכע עס וואָלטען זיך געדאַרפט פעראייניגען די קרעפטע פון אַלע אינטע־ליגענטע און אויפגעקלערטע מענשען פון אונזער קוואַרטאַל: דיזע אָרגאַנען זענען די ט ע ג ל י כ ע  פ ר ע ס ע. אָהן איהר וואָל־טען די שווינדלער זיך נישט געקענט ווענדען צו אַזאַ גרויס פּוב־ליקום, זייערע געעשפטען וואָלטען נישט געוועזען אַ פערטעל פון דעם וואָס זיי זענען איצט. די טעגליכע פּרעסע נעמט אַ טייל פון רויב פאַר׳ן פערטראָגען די נייעס פון די שווינדלער׳ס וואונדער אי־בער דער גאַנצער שטאָדט און פאַר — שווייגען. האָט איהר אָפט געזעהן אין דער טעגליכער פּרעסע אַרטיקלען געגען די באַנדיטען? ס׳איז נאַטירליך אונמעגליך אַז די פּרעסע זאָל קעמפּפען געגען זיי, אַזוי לאַנג ווי זי איז פערציערט מיט די מיאוסע און ליגנערישע, אָבער גוט בעצאָהלטע אַנאָנסען פון די היענען. ווען מען אונטער־זוכט די זאַך גענויער, הייסט עס אַזוי: די לעזער ווערען פון דער צייטונג געשיקט צום שווינדלער, וועמען זיי געבען זייער געלד אַוועק; אַ טייל פון דעם גערויבטען געלד ווערט דערפאַר געגע־בען דער צייטונג. דאָסזעלבע בלאַט וועלכעס דער לעזער האָט ליעב און אין וועלכען ער לעזט פייערינע ווערטער געגען אויסביי־

טונג און שווינדעל, פערגיפטעט איהם און בעשווינדעלט איהם, זייענדיג דער פארטנער פון די רויבער. דאס בלאט צעפליהט זיך היים פון דער פרעסע, פול מיט נייעס און מיט ארטיקלען, דער לעזער נעמט עס מיט רעספעקט אין האנד, מען געפינט עס ווארטענדיג ביי דער טיר, עס ווערט געלעזען פון יונג און אלט; די לעזער ווייסען אבער נישט אז אין די שורות געפינט זיך א שרעקליך גיפט, וועלכעס די צייטונג האלט זיי אין איין איינגעבען, האלט אין זיי אין איין אריינגיסען. ס'איז זיכער נישט ערלויבט אן עהרליכען רעדאקטאר פון א צייטונג צו זאגען: „וואס געהט מיך אן די אנאנס? דאס איז דעם מענעדזשער'ס זאך! דער אדווערטייזער צאהלט און דאס איבעריגע איז נישט אונזער געשעפט“. ניין, דער אנאנס איז זעהר א וויכטיגע זאך, דען יעדעס עקזעמפלאר, זי אוועקטראגענדיג אין הייזער פון אונשולדיגע, אונוויסענדע מענשען, קען די לעזער מעהר שלעכטעס טון ווי זייערע ערגסטע שונאים זענען פעהיג.

אלס א פאלגע פון דער ארבייט פון דער צייטשריפט „אונזער געזונד“ האט איין אידישע צייטונג ארויסגעווארפען די אנאנסען פון א פאר שארלאטאנעס, אבער זי דרוקט נאך די אנאנסען פון אנדערע מעדיצינישע שווינדלער.

און די צייטונגען, וועניגסטענס מאנכע פון זיי, וואלטען זיך געקענט בעגעהן אהן דיזע אדווערטייזמענטס, אהן דעם דאזיגען שמוציגען געלד. (צווישען די אמעריקאנער טעגליכע צייטונגען פון ניו יארק איז נור דא איינע וואס נעמט אויף אזעלכע אנאנסען.) מיר ווייסען פון א גרויס ניו יארקער אידיש טעגליך בלאט, וואס איז זיכער רייך גענוג ארויסצוווארפען אלע די שענדליכע אדווערטייזמענטס; אי איהר לאגע, אי איהר טענדענץ וואלט דאס איהר געבאטען צו טון. און וויבאלד אזא רעפארם קאן נישט געמאכט ווערען פון אינווענינג, דארף זי געצוואונגען ווערען פון דרויסען, פון די לעזער. א נייע, ערשט ערשינענע אידישע צייטונג בעגעהט זיך אן די אנאנסען פון מעדיצינישע באנדיטען, — וועניגסטענס ביז איצט.

זאלען זיך בילדען קאמיטעען און איינבערופען מאסמיטינגס, זאלען פעריינען, גרופען, ברענטשעס אויף זיך נעמען די אויפגא־

בע צו ריינינגען די פרעסע וועלכע איז זיי טייער. זאָלען איינ־צעלנע אריינשיקען אַ רעגען מיט פּראָטעסט־בריעף אין זייערע צייטונגען.

אַרונטער מיט'ן באַנדיטיזמוס!

(איך בין איבערצייגט אַז קיין צייטונג וועט ניט וואגען צו זאָגען אַ וואָרט וועגען דער ערשיינונג פון דיזען בוך איבער דעם געשלעכטס־לעבען. די אורזאַכע ליגט אין די אויביגע ווערטער.)

---

אַרום דעם קראַנקען מענשען האָבען זיך תמיד געזאַמעלט אַל־ערליי אויסבייטער און אויסזויגער, נור קיין מאָל האָבען זיי נישט אָנגענומען אַזאַ פּראָפּאָרציע ווי אין אונזער צייט און איצט זענען די אַרגסטע פון זיי די וואָס שפּעציאַליזירען זיך אין רויבערייען אַרום דעם געשלעכטליך־קראַנקען אָדער דעם וועלכער האַלט זיך פאַר גע־שלעכטליך־קראַנק.

„מענער, ווערט שנעל פּטור פון דעם אָנשיקעניש; ווען דאָס ישיקזאַל האָט אייך געשטראָפט... אַ מענש האָט נור איין לעבען און דיזעס דאַרף ער אָנפּערטרויען דר... וועלכער איז די איינציגע אויטאָריטעט אין דער וועלט... קומט היינט, פערליערט ניט קיין צייט..." „לאָזט אייך ניט פערבלאָפען פון אַנדערע..." „רעטעט אייער פריינד... האָט אויף איהם רחמנות, זאָגט איהם, ער זאָל קיין איבריגע מינוט ניט פערליערען און זאָל געהן צום בעוואוסטען שפּעציאַליסט דר..." „אונטערזוכונג פריי! שוואַכע מענער, ער־לויבט מיר אייך געזונד צו מאַכען. איך האָב אַן עקסטראַ פער־גניגען אויסצוקורירען קראַנקע שנעל און זיכער... מעדיצין פריי... דער פּאַציענט בעקומט אַ געשריבענע גאַראַנטיע..." „געהט ניט אַרום פערצווייפעלט, קומט זיך בעראַטען מיט מיר ווען איהר ליידט פון קראַנקהייטען וואָס קומען פון זינד..." „דער אַלטער דר... גאַראַנטירט די שנעלסטע היילונג פיר אימער". „לעזט מיינע בי־כער"...

זיי בעטען זיך ביי אייך, זיי ווילען אייך געזונד מאַכען, די גוטע מענשען, זיי טוען דאָס צוליעב אייך; זעהט איהר נישט ווי זעלבסטלאָז זיי זענען? און דאָס איז דאָך געדרוקט, שוואַרץ אויף

וויס, געדרוקט אין אייער ליעבלינגס־צייטונג ? — און איהר טוט זיי אויף צוליעב און געהט צו זיי.

אַז דומקעפּ גלויבען דאָס איז נישט קיין גרויס וואונדער; אָבער אַז אינטעליגענטע יונגע לייט זאָלען, ווי מיר זעהען יעדען טאָג, פערנאַרט און פערפיהרט ווערען פון אַזעלכע אַנאָנסען, דאָס איז שווער צו פערשטעהן, סיידען מען קאָן אריין דרינגען אין זייער נשמה־צושטאַנד און זעהן וואָס עס קומט דאָרט פאָר. עס שיינט דאָך צו זיין אַזוי קלאָר אַז אַזעלכע אדווערטייזמענטס קענען נישט זיין אמת; נור דער יונגער מאַן האָט נישט געהאַט קיין סעקסועלע ערציהונג; ער ווייסט פון געשלעכטס־לעבען גאָר נישט אָדער, וואָס איז ערגער, ער האָט געהערט, גענאַשט, געכאַפּט, דאָ און דאָרט, איינציגע ערקונדיגונגען וואָס זענען דאָס געגענטייל פון אמת. ער האָט, אין זיין אינטימער געשיכטע, אַ פּאָר פעהלער זיך פאַרצו־וואַרפען, וועלכע כמעט יעדער מאַן האָט בעגאַנגען; ער דענקט אָבער אַז ער איז דער איינציגער. אַז קיינע שלעכטע פאָלגען זאָלען פון דעם נישט אַרויסקומען, קאָן ער זיך נישט פאָרשטעלען. ער טראָגט זיין געהיימנים מיט זיך און אַלעס וואָס ער הערט שטאַרקט איהם אין גלויבען אַז ער מוז קראַנק זיין. און דער געדאַנק מאַכט איהם קראַנק. אָדער ער האָט אַ ריכטיגע געשלעכטס־קראַנקהייט אָדער אַ סעקסועלע אַבנאָרמאַליטעט. ער שעמט זיך נאַטירליך דערמיט, ער פיהלט זיך אַליין און פערלאַסען, ווי אַ פערברעכער. דאָקטוירים זענען דאָ אַ סך; אפשר פער־שטעהען זיי אָבער נישט זיין קראַנקהייט ? דער מאַן וואָס אדווער־טייזט פערשטעהט אָבער זיכער, דענקט ער זיך. ער וועט מיך אויסהיילען. פאָרט אַ דאָקטאָר מיט אַ דיפּלאָם! אַ געבילדעטער מענש! עס קאָן נישט זיין ער זאָל זיין אַזוי אונעהרליך... און דאַן זעהט ער מעהרסטענס אַז דעם אַדווערטייזער'ס „ליטעראַטור“ פּאַסט זיך גענוי צו צו זיין צושטאַנד. ער פיהלט, ער איז זיכער אַז דער מאַן וועט איהם היילען. די אַנאָנסען זענען אַזוי איינגעריכטעט, אַזוי רעדיגירט אַז יעדער זאָל זיך אין זיי דערקענען, אַז יעדער זאָל דערפיהלען די סימפּטאָמען אָדער די קראַנקהייטען וואָס ווערען דאָרט אָדער אין זייערע ביכלעך אויסגערעכענט.

„נערווען־צערשטערייאונג, נערווען־קראַנקהייט, אויספלוס, פער־

לאָרענע מענער־קראַפט, שוואַכער זכרון, שלעכט בלוט, אָבשוואַכונג, בלוט־אַרמוט, ווייטאָג אין רוקען, קאָפּ־שמערצען, שוואַכקייט, געהיימע קראַנקהייטען און אַזוי ווייטער...“

ווער קאָן נישט אין דיזע אַזוי אונגענוי און פּיעלזייטיג בעשריבענע פּעהלער זיך אַליין דערקענען ? וועלכער געזונדער מענש וועט זיך האַלטען פאַר אַזוי וועניג וויכטיג אַז ער זאָל נישט האָבען אַפילו קיין ביסעל „נערוועז־צערשטרייאונג“, איבערהויפּט אַז ער האָט אַ פּרעטענציע אויף אינטעליגענץ ? און וויבאַלד שוין יאָ „נערוועז־צערשטרייט“, פאַר וואָס זאָל ער זיך נישט פאַר איין גאַנג האַלטען פאַר דעם נערוועזעסטען מענשען פון דער וועלט ? און ער האָט אויך די אַנדערע אויסגערעכענטע סימפּטאָמען ! שוואַכען זכרון ? יאָ, ער דערמאָנט זיך טאַקע אַז ער האָט פערגעסען די און די וויכטיגע זאַך. קאָפּ־שמערצען ? דאָס איז דאָך שוין ביי איהם אַן אַלטע געשיכטע. און די אַנדערע סימנים ? עפּיס האָט ער דאָך אַ מין אויספּלוס פון וועלכענם בעדייטונג ער וויים אַזוי וועניג ווי וועגען זיין „שלעכט, אונריין (!?) בלוט“ און וועגען זיינע נערוועז. נור וואָס אונבעקאַנטער זיי זענען איהם, דאָס מעהר ליידט ער אויף זיי. און אַזוי ווייטער...

„קראַנקהייטען וואָס קומען פון זינד“, שרייבען די שווינדלער. וואָס הייסט „זינד“ ? יעדער קאָן דאָס איבערטייטשען ווי ער וויל. און דאָס אונשולדיגסטע יונגעל ענטדעקט תמיד אַז ער איז שולדיג אין שווערע „זינד“... און אַזוי פאַלט ער אריין אין די אויסזויגער׳ס הענד.

נור דענקט נישט אַז זיי זענען ווי אַנדערע דאָקטוירים. זיי געבען אייך אַ געשריבענע גאַראַנטי אַז זיי וועלען אייך אויסהיילען. פאַר וואָס נישט ? איהר קענט זיי סיי ווי סיי גאָר נישט טון, אויב זיי האַלטען נישט וואָרט. תרוצים זענען לייכט צו געבען. ווי זאָגט יענער : גנבות זאָל נור גאָט באַשערען !

וואָס אַנבעלאַנגט די „פרייע מעדיצינס“ וואָס איהר קריגט דאָרט, קאָן מען זיי שנעל אָבפערטיגען : זיי זענען גליקליכערווייזע קיינע מעדיצינים, זיי זענען אונשעדליך, זיי זענען געפאַרבט וואַסער.

די גאַנצע בעהאַנדלונג קאָסט טאַקע „נור 10 דאָלאַר“, שריי־

בען זיי אין אייערע צײַטונגען ; אָבער מיט דער צייט ווערט, אזוי ווי דורך אַ צויבער, פון די 10 דאָלאַר, 100 דאָלאַר און מעהר, גראַד אַזוי ווי פון אייער געזונדען קערפּער און מח ווערט אונטער זייער בעהאַנדלונג אַ קראַנקער מענש אָדער פון אַ היילבאַרע קראַנקהייט ווערט אַ אונהיילבאַרע... מיר גראַטולירען די טעגליכע צייטונגען און בעזאָנדערס די אַרבייטער־פריינדליכע פּרעסע, וועלכע העלפען אַזוי גוט די באַנדיטען !

---

און פערדינען נישט פערברענט צו ווערען די צייטונגען וואָס שלעפּען מאַסען געלד פון אַנאָנסען וועגען „ר ע צ ע פּ ט ע ן וואָס היילען שוואַכע מענער פריי“ ? וואָס האָט איהר פון זייער פערגלאַנצען די אויגען און רעדען וועגען אַ צוקינפטיגער געהעכטער געזעלשאַפט, אַז היינט נאַרען זיי אייך אָב מיט אַזעלכע שווינדעל ? דער סקאַנדאַל איז נאָך גרעסער דערפאַר, וואָס די פיהרער פון די צייטונגען ו ו י י ס ע ן אַז דיזע „רעצעפּטען“ זענען שרעקליכע שווינדלען.

אייגענטליך וואָלט אַ גרויסע צייטונג געדאַרפט האָבען בעאַמטע כדי צו קאָנטראָלירען אַלע אַנאָנסען, נור נאָך מעהר אַזעלכע אַנאָנסען וואָס האָבען צו טון מיט די לעזער'ס געזונד.

אַז איהר זעהט אַן אַדווערטייזמענט, וואו קאַפּסעלן העלפען אין „אויספּליסע“ אין „24 שטונדען“, ווען דיזע אויספּליסע דויערן ביי דער בעסטער בעהאַנדלונג און אונטער די גינסטיגסטע אומשטענדען וועניגסטענס זעקס וואָכען, וואַרפט אַוועק די צייטונג.

---

מיר ווייסען אַז אונזער אויפקלערונגס־אַרבייט דאַרף האָבען די שטיצע פון דער פּרעסע, נור דאָס קאָן אונז נישט אָבהאַלטען פון זאָגען דעם אמת, ווייל דער אמת מוז אַם ענדע זיעגען. און דערפאַר מוזען מיר פּאָרטזעצען צו רעדען וועגען די אַדווערטייזמענטס.

די רייהע מעדיקאַמענטען וואָס האָבען דעם צוועק צו היילען אייער ה ו י ט און פאר איין גאנג שוין אַלע אַנדערע קראַנקהייטען זענען אויך פון די וואָס נעמען ביים אַרבייטער צו דאָס וואָס דער בעל הבית האָט איהם איבערגעלאָזען. נאַטירליך טוען עס דיזע מעדיקאַמענטען ווידער מיט דער הילף פון די צייטונגען.

פרעגט אייער בעליעבט בלאַט אויב עס ווייסט עפּיס וועגען די זיי־פען וואָס עס עמפּפעהלט אייך אינדירעקט, אָדער וועגען דאָס „אומ־זיסט" געגעבענע רעצעפּט, וועלכעס „וועט אייך צוריק קעהרען די שענהייט פון פאַרב אָהן צו אָפּפערן די געזונד און קראַפט", אָדער וועגען דעם געהיים־מיטעל, וואָס האָט „מיך אויסגעהיילט פאַר אייביג". שרעקט אייך נישט איבער פאַר דעם עדות זאָגען פון קראַנקען אָדער אַפילו פון „אויטאָריטעטען" : אין דעם ליגט ערשט דער ריכטיגער שווינדעל בעגראָבען. און וואָס ווייסט אייער בלאַט וועגען דער מעדיצין וואָס „מיידלעך און פרויען וועלכע ווילען זיין שען און אַנגענעהם (!) דאַרפען יוזען", און וועגען אַלע האָר־מיטלע, וואָס מאַכען אַז די האָר זאָלען ווערען שטאַרק ווי איי־זען און זאָלען וואַקסען מיילען־לאַנג, און פון דר.'ס ...וואונדערבאַרע שטיינער.

נור מיר וואָלטען געווען אונגערעכט ווען מיר וואָלטען בעהויפּ־מעט אַז נור די טעגליכע פּרעסע נעמט אַ טייל אין דעם רויב. מען געפינט אויך אידישע וועכענטליכע, און צוואַר פון די ראַדיקאַלסטע, און אויך אידישע מאָנאַטליכע זשורנאַלען, און צוואַר פון די ערנס־טעסטע, וועלכע בויען זייער פינאַנציעלע געביידע אויף אַזעלכע מיסט־הויפען. מיר ווייסען זאָגאַר פון איין וואָכענבלאַט וואָס האָט פאַר אַ פּאָר יאָהר דעם שווינדעל אין דער פאָרם פון די שווינדעל־דאָקטוירים אַרויסגעוואָרפען און האָט איהם איצט אין דער פאָרם פון שענהייטסמיטעל, פון עלעקטרישען הומבוג, פון „וואונדערשטיי־נער" און פון שעדליכע אָבפיהרמיטעל ווידער אַריין גענומען.

דיזע מיטלען זענען צוואַר ניט פאַר געשלעכטס־קראַנקהייטען, אָבער זיי ווערען אַזוי צווײדייטיג בעשריבען אַז דער וואָס פיהלט זיך שולדיג אין „זיגד", זאָל אויך דענקען אַז מען מיינט איהם און זאָל זיי קויפען.

לאָמיר אַריבערשפּרינגען איבער די מאָגען־מיטלען (ווי־פיעלע מאָגענס האָבען זיי שוין פאַר תמיד פערדאָרבען, וויפיעל געזונדהייטען צו גרונד געריכטעט ! וויפיעל פאַבריקאַנ־טען פון מעדיצינס זענען אָבער דורך זיי רייך געוואָרען ! און וויפיעל צייטונגען זענען שוין דאַדורך אויפגעהאַלטען געוואָרען ! ווער ווייסט וויפיעל ציגעל אין אייער צייטונגס „אייגען הויז" איהר

האָט געבויט מיט אייער פערדאָרבענעם מאָגען און אויף זיינע קאָפּ־טען!) און לאָמיר לאָזען אין אַ זייט די קאָפּ־שמערץ־מיט־לען, די בעסטע, די ליידענדע מענשהייט צו עקספּלואַטירען. (אוי, וויפיעל מענשען זיינען שוין דורך זיי און דורך די צייטונגען די־רעקט אָדער אינדירעקט געשטאָרבען!) לאָמיר דערמאָה־נען די „פּרויען פּילען“, וועלכע רעגולירען „זיכער, שנעל און גוט“. פון זיי דאַרף מען ניט רעדען קיין שלעכטס. מען דאַרף זיי נאָך דאַנקען; זיי ווירקען ניט שלעכט, פאַר דעם איינציגען גרונד וואָס זיי ווירקען גאָר ניט. מען בלייבט פון זיי געזונד. זייער אונאַנגענעמע ווירקונג איז אַז אונבעדיי־טענדע: זיי נעמען נור צו דאָס געלד ביי אייך און העלפען אייער צייטונג פערדינען הונדערטער דאָלאַר יעהרליך.

אויף די אַנאָנסען וועגען „עלעקטרישע בעהאַנד־לונג“ האָבען שוין פיעלע פערנאַרט און ביי פיעלע אויסגענאַרט דעם לעצטען סענט — מיט הילפע פון דער פּרעסע. עלעקטריצי־טעט האָט טאַקע אמאָל אַ גוטע ווירקונג, אין געאייגנעטע, אויסגע־קליבענע פעלע; אָבער דאַרף דאָס דען דערפאַר זיין אַ בערייכע־רונגס־מיטעל פאַר שווינדלער?

„די נייעסטע עלעקטרישע מאַשינען“ האָבען אַ סך פּאַציענטען די אויגען פערבלענדעט אזוי, אַז, אין זייער ערשטוינונג, האָבען זיי ניט געפיהלט ווי מען שניידט זיי אָב דעם בייטעל. די פּרעסע האָט מיטגעהאָלפען!

אָבער גענוג! איך האָף אז ס'איז גענוג אַז איהר זאָלט מיך פערשטעהען!

---

## בריעף פון בעשווינדעלטע לעזער

— אַרויסגענומען פון דער צייטשריפט „אונזער געזונד“ —

(טיפּישע ביישפּיעלע פון מעדיצינישע באַנדיטען און דר. זוויגמאַנס).

ווערטער העררר רעדאַקטאָר, איך בין געבוירען אין רוסלאַנד, האָב געלעבט אַ שטיק צייט אין זיד־אַפריקאַ און בין איצט אין ניו יאָרק. ווען איך בין אַלט געווען 15 יאָהר האָבען מיר אַנדערע יונג־לעך געזאָגט, אַז ווען דער זאָמען קומט ניט אַרויס ביים פערקעהר, ווערט מען קראַנק אויף גאָנאָרעע, דערנאָך אויף סיפילים און דער־

נאָך שטאַרבט מען. (ס'איז אינטערעסאַנט צו זעהען וואָס פאַר אַ שרעקליכע אַבערגלויבענס הערשען צווישען יונגלעך! — רעד.) איך האָב דאָס געגלויבט און ווען איך האָב געלערענט די מיאוסע געוואוינהייט פון אָנאַניזם און איך האָב אָנאַנירט אין דער שול, אין קלאַס, בין איך איין מאָל אַרויסגעגאַנגען און האָב אויסגעפונען, אַז קיין זאָמען איז ניש'ט געווען. (ער איז נאָך געווען צו יונג. — רעד.) איך האָב דאָס גליך געצויגען און עס מיסהאַנדעלט אַ לאַנגע צייט, אָבער גאָר ניט איז אַרויסגעקומען. איך בין געווען שטאַרק איבערגעשראָקען, ערוואַרטענדיג צו שטאַרבען. איך האָב געפיהלט אַ שמערץ, דאַן איז מיר שווער געווען צו לאָזען דאָס וואַסער. דאָס האָט אָנגעהאַלטען 9 מאָנאַטען. אָבער ס'איז מיר אַריינגעפאַלען אין די הענד אַ ביכעל פון דעם קעניג פון אַלע שווינדלער ד"ר. ל. ל.; אין יענער צייט האָב איך ניט געוואוסט, אַז עס עקזיסטירען דאָקטוירים שווינדלער. און אַזוי שנעל ווי איך האָב געהאַט געלד בין איך אַוועק פון זיד־אַפריקאַ שפּעציעל צו זעהען דיזען שאַרלאַטאַן. ווען איך בין געקומען קיין ניו יאָרק, איז דאָס ערשטע וואָס איך האָב געטון, איז געווען צו געהען צו איהם. ער האָט מיך ניט אונטערזוכט, ניט בעטראַכט, ניט אָנגעקוקט, ער האָט פערלאַנגט 5 דאָלאַר, וועלכע איך האָב איהם געגעבען און ער האָט מיר געגעבען אַ פלעשעל מעדיצין צום איינגעמען און מיר געהייסען קומען דעם נעכסטען מאָנטאַג. איך בין געקומען, ער האָט ווידער געוואָלט 5 דאָלאַר. און אַזוי איז עס געגאַנגען ביז איך האָב פערשטאַנען וואָס פאַר אַ בלוט־זויגער ער איז. איך בין געגאַנגען צו אַן אַנדערען שווינדלער, וואָס האָט ביי מיר צוגענומען 10 דאָלאַר און האָט מיך אַזוי פערברענט מיט זיין בעהאַנדלונג, אַז איך בין שיער געשטאָרבען אויף עפּיס אַ מין „עלעקטריק טשער", וואו ער האָט מיך אַרויפגעזעצט. איך בין געגאַנגען צו אַנדערע שווינדלער און האָב זיי אַוועקגעגעבען יעדען סענט וואָס איך האָב פערמאָגט, אין דער צייט וואָס איך האָב געלעבט נור פון ברויט און קאַווע עטליכע חדשים. איך האָב ניט קיין קרובים אין ניו יאָרק און ווען איך בין, פון אַזאַ עסען, קראַנק געוואָרען אויף דעם מאָגען, בין איך אַריינגעפאַלען אין די הענד פון אַנדערע שאַרלאַטאַנעס. איין שווינדלער האָט געזאָגט, אַז איך לייד פון אַן ענטצינדונג פון די טעסטיקלען און האָט

מיר צוגעזאָגט מיך אויסהיילען. ער האָט א מין האָספּיטאל פאַר מענער־קראַנקהייטען דאון־טאון און ער נעמט אַ געוויסע סומע יעדע וואָך. איך בין צון איהם געגאַנגען עטליכע יאָהר; ער האָט מיך בעהאַנדעלט אויף אַלע אופנים, מיר געמאַכט איינשפּריצונגען, איינ־רייבונגען אין רעקטום און אַנדערעס; איך האָב זיך יעדען טאָג געפיהלט אַרגער, עס האָט מיך שרעקליך געברענט. און מיר שיינט איך וואָלט נאָך געוועזען צון איהם געגאַנגען, ווען איך פאַל ניט איין מיט אַ שטאַרקער לונגען־ענטצינדונג. איך בין אַריין אין אַ האָס־פּיטאַל און ווען איך בין ווידער אַרויס בין איך געגאַנגען צון אַן עהרליכען דאָקטאָר און איך בין זעהר איבעראַשט געוועזען צו הערען, אַז איך בין גאָר ניט קראַנק, אַז דאָס וואָס איך לייד קומט פון דער רייצונג פון צו פיעל בעהאַנדלונג און אַז דאָס בעסטע איז צו לעבען רוהיג און צו אונטערברעכען יעדע בעהאַנדלונג. און כאָטש איך האָב נאָך געהאַט אָנפעלע פון שמערצען, האָב איך מיך אָבער ענט־שלאָסען צו זיין מיין אייגענער דאָקטאָר און צו לעבען נאָך די פאַר־שריפטען פון יענעם לעצטען דאָקטאָר. איצט פיהל איך זיך בעסער, ווי איך האָב זיך ווען־עס־איז געפיהלט און זאָל מיין געשיכטע זיין אַ ווארנונג פאַר אַנדערע יונגע לייט. — ק. (די רעדאַקציע האָט זיין נאָמען און אַדרעסע.)

---

ווערטהער הערר רעדאַקטאָר: — איך ווייס ניט צו איך וועל קענען אייך דערצעהלען אַלעס, איך וועל אָבער זעהען אַז אַלעס זאָל זיין קלאָר. איך לייד פון „פּערלאָרענע מענער קראַפט“. קומענדיג אין אַמעריקא (דאָס איז געוועזען אין 1910טען יאָהר) האָב איך אָנ־געפאַנגען צו זוכען אַ מיטעל ווי אַזוי געהיילט צו ווערען. עס האָט לאַנג ניט גענומען און איך האָב געפונען. לעזענדיג אַ אידישע צייט־טונג האָב איך געפונען אַן אַדווערטייזמענט פון דר. פּ.; האָב איך זיך דערפרעהט; איך האָב בעשלאָסען פאָהרען צו איהם. איך אַליין בין דאַן געוועזען אין מישיגען סטייט. איך בין געקומען צופאָה־רען קיין ניו יאָרק און האָב זיך געפונען אונטער זיין בעהאַנדלונג. ער האָט געפאָדערט געלד וואָס מעהר און מעהר. נאָך 3 מאָנאַטען האָב איך פערלאָזען ניו יאָרק. און געדענקט האָב איך אַז איך וועל קומען צו עפּעס געלד וועל איך ווייטער קומען, נאָר אַזוי שנעל האָב

איך ניט געקענט. עס איז אוועק קנאפע 3 יאָהר. פאַר דער צייט האָט ער זיך פון דאָרט אַרויסגעצויגען. געפין איך ווייטער אַן אַד־ווערטייזמענט אין אַ אידישע צייטונג פון אַ דראָג־סטאָר אַז פאַר 50 סענט אַ שאַכטעל פילען ווערט מען געהיילט פון „פערלאָרענע מענער קראַפט". איך בין אוועק אויף דעם אָנגעגעבענעם אַדרעס (דאָס איז אין דער בויערי). עפענענדיג דעם באַקס געפין איך דאָרט אַ קליין ביכעלע, וועלכעס פערשפּרעכט צו היילען גוט און שנעל. דאָס ערשטע האָב איך בעצאָהלט 15 דאָל. און יעדע וואָך 1.50 דאָל. איך בין געגאַנגען 5 מאָנאַטען צייט. נאַכהער האָט מען פון מיר געפאָדערט 25 דאָלאַר, האָב איך געפרעגט: צו וואָס? איהר האָט דאָך מיר פערשפּראָכען צו אויסהיילען קאָמפּליט. האָט מען מיר געענטפערט, אַז איך נויטיג זיך אין אַ איינשפּריצונג פון 606 און דאָס קאָסט זעהר טייער. דאָ האָב איך אַרויסגעזעהען אַז עס מוז זיין אַ שווינדעל, ווי דאָס ערשטע מאָל, און איך בין ווייטער אוועק־געפאָהרען. שפּעטער, לעזענדיג אַן אַנדערע אידישע צייטונג, גע־פין איך ווייטער אַן אַדווערטייזמענט פון דר. ל. ל., און פון דעם זעל־בען דר. פ., וועלכער האָט מיך „בעהאַנדעלט" מיט 4 יאָהר צוריק. דעם 18טען אויגוסט דיזען יאָהר בין איך ווידער אין נויאָרק און איך געה צו דר. ל. ל., נאָר עס האָט פּאַסירט אַזוינס וואָס עס האָט מיך גערעטעט פון אַריין צו פאַלען אין אַ דריטע פּאַסטקע. איך בין צוגעגאַנגען קויפען אַ פּייפּער, האָב איך בעמערקט אייער „אונזער געזונד", איך האָב זיך צוגעקוקט, איבערגעלעזען דעם אינהאַלט און געקויפט אַ קאָפּיע. זי איבערלעזענדיג, האָב איך בעשלאָסען זיך ניט מעהר לאָזען בעהאַנדלען פון אַ שווינדלער, נור אויף מאָר־גען בין איך דאָך צוגעפאָהרען צו דר. ל. ל., ניט מיט'ן אַבזיכט צו געבען געלד, נור אַזוי זיך קאָנען דעם בעשעפעניש. קומענדיג צו איהם, איז אַנשטאַט צו טרעפען ל. ל., וועלכער איז מיר אונבעקאַנט, טרעף איך גאָר מיין ערשטען דר. פ. איך האָב זיך ניט געמאַכט וויסען, איך האָב איהם דערצעהלט. פערלאַנגט ער פון מיר דאָס ערשטע 5 דאָלאַר און נאַכהער וועט מיר קאָסטען צו 2 דאָלער יעדער בעזוך. פרעג איך איהם צו ער איז דאָס דר. ל. ל. ער האָט מיר עפּעס געענטפערט אונטער דער נאָז, אונפערשטענדליכעס. איך האָב איהם געזאָגט אַז קיין 5 דאָלער האָב איך יעצט ניט ביי זיך, האָט ער פערלאַנגט דערווייל אַ פּאָר דאָלער. איך האָב איהם ווידער געפרעגט

צו ער איז דר. ל. ל. ער האָט אויף מיר אַ שטאַרקען קוק געגעבען און איך האָב ווייטער קיין בעשטימטען ענטפער ניט געקראָגען. איך האָב פערשטאַנען אַזביידע זענען פּאַרטנערס, און איך בין אַוועק.— איצט פרעג איך, איז דאָס מעגליך אַז עס זאָל אָנגעהן אַזאַ אָפענער שווינדעל? און איך וואָלט געקענט ווענען אַ סך אַזעלכע שווינדלען דערצעהלען. — ב. מ. ל. (דער נאָמען און די אדרעסע איז אין דער רעדאַקציאָן.)

# קלוגע ווערטער

אין דעם קאָמישען לאַנד, אַקירעמאַ, איז עס שטאַרק פערבאָטען די סעקסועלע לוסט צו מאַניפעסטירען און אין דערזעלבער צייט ווערט זי מעהר געררייצט, סטימולירט, ווי ס'איז נויטיג. אַלע נקבות זענען אַזוי אָנגעטון אַז עס זאָל אַרויסרופען די גרעסטע סעקסועלע נייגעריגקייט ביי די מענער; אַלע פּאָפּולערע אונטערהאַלטונגען זענען אויסגערעכענט אויפצורעגען דאָס געשלעכטליכע אינטערעס; דאָס עסען און די געטרענקע ווערען פאַרבערייטעט מיט דעם צוועק צו עררעגען די געשלעכטס־לוסט; קונסט און ליטעראַטור בעהאַנדלען זעלטען אַנדערע פראַגען ווי געשלעכטס־אַנגעלעגענהייטען. — אָבער די אַנדערע העלפט פון דער ענערגי פון די אַקירעמאַנער ווערט פערשפּענדעט פערבאָטענדיג, פערלייקענדיג, אונטערדריקענדיג דאָס געשלעכט, עס ווערען געמאַכט געזעצען קעגען דעם נאַטירליכען צונויפמישען פון ביידע געשלעכטער און מען בויט קליינע שלעסער צוליעב זייער אוננאַטירליכען צונויפמישען. מענער ווערען אָנגעשטעלט צו שפּיאָנירען דורך שליסעל־לעכער און צו בעריכטען סיי וועלכעס פרייע געשלעכטליכע צונויפקומען; פרויען ווערען געדונגען צו פערנאַרען מענער, אַזוי אַז דיזע זאָלען קענען ווערען געכאַפּט; אַ גרויסע צאָהל פערמעטע פרויען ווערען אויפגעהאַלטען אין די גרויסע שטעדט, כדי צופרידען צו שטעלען די סעקסועלע נאַשערס און אין יעדער שטאָדט געפינט זיך אַ גרופּע סעקסועל פערדאָרבענע נגידים. — ווען אַ יונגער מאַן און אַ מיידעל זאָלען זיך פעראייניגען פריי אַזוי ווי די פויגעל אונטער אַ בוים, ביי דעם שיין פון דער לבנה, וואָלט מען זיי אַרעסטירט און עפענטליך פערשעמט; אָבער ווען דאָסזעלבע פּאָרעל זאָל געהען אין אַ נידריג טרינק־פּלאַץ און זיך צוערשט אָנ'שכור'ען צוזאַמען מיט פערדאָרבענע חברים, וואָלטען זיי געפינען אָנגעגרייט אַ הייזעל אונטער דעם שוץ פון פּאָליצלייטע וואָס ווערען בעצאָהלט פון דער שטאָדט. („וואיו?“ אַ ענגלישע צייטשריפט, וואָס ערשיינט אין טאַקאָמאַ, וואַש.)

דער גרעסטער אַלגעמיינער סטרייק וואָלט געווען דאָס פערהיטען פון

אוננוצליכער שוואַנגערשאַפט, דער סטרייק פון די בייכער פון אַרבייטער־פרויען.

---

דאָס נאָכגעבען זיך צו אַ רייץ פון אַן אויגענבליק און די גלייכגילטיגקייט וועגען מאָרגען, די עגאָאיסטישע צופרידענשטעלונג פון דעם אינדיווידועלען וואונש אויף דעם חשבון פון וואַרשיינליכען ליידען פון לעבענס וואָס וועלען קומען שפּעטער, — דאָס מעג אויסזעהן שען פאַר מאַנכע מענשען, אָבער ס׳איז ניט קיין ציוויליזאַציאָן. יעדע ציוויליזאַציאָן בעדייטעט אַ וואָס מעהר וואַקסענדע פאָרזיכט פאַר אַנדערע, אפילו פאַר אַנדערע וואָס זענען נאָך ניט געבוירען געוואָרען. — דר. העוועלאָק עללים.

---

סיי וועלכע געזעלשאַפט, ווי שען מען זאָל זי ניט חלום׳ען, קאָמוניסטיש, קאָלעקטיוויסטיש עטצ., אַז זי וועט פערנאַכלעסיגען די רעגולירונג פון דער בעפעלקערונג, די סעקסועלע היגיענע, די פערהיטונג פון שוואַנגערשאַפט, וועט זי זעהען ווידערערשיינען ביי זיך די פעהלערען פון די צעפאַלענע געזעלשאַפטען: קעמפפע, אונאָרדנונגען, געזעצליכער צוואַנג, אונגערעכטיגקייטען, אָרעמקייט, עלענד. פאָלגליך וועט די נייע געזעלשאַפט אויפהערען צו עקזיסטירען. — ג. האַרדי. (ווי איהר זעהט, איז די פערהיטונג פון דער שוואַנגערשאַפט ניט בלויז אַ זאַך פאַר דער היינטיגער געזעלשאַפט, נור אויך פאַר דער צוקונפט, פאַר דער צייט ווען אייערע שענסטע חלומות וועלען זיך האָבען פערווירקליכט.)

---

יעדע נאַטירליכע און געזונדע נייגונג האַלטען מיר פאַר אַ ליידענשאַפט, יעדע ליידענשאַפט פאַר אַ זינד; פון יעדער זינד האָבען מיר מורא אַז זי וועט אונז אַריין וואַרפען אין גיהנום און צוואַנציג מאָל אין טאָג ציטערען מיר אַז דער רוח וועט אונז נעמען. — בערנע.

---

אַזוי ווי אינדיווידועלע קערפּערליכע קראַנקהייטען, אַזוי קענען די געזעלשאַפטס־קראַנקהייטען נישט געהיילט ווערען, ווען מען דיסקוטירט ניט איבער זיי אין אַן איינפאַכער שפּראַך. — דזש. סטואַרט מילל.

---

## דאָס אויפגעקלערטע קינד.

דער פּעטער (צון אַ קליין אינגעלע): דער שטאָרך האָט געבראַכט אַ נייו בייבי.

דאָס קליינע אינגעלע: פּעטער, קום בעסער אַריין זיך לערנען אין אונזער קלאַס פון געשלעכטס־היגיענע.

# אונזער געזונד

## אַ מאָנאַטליכע אידישע צייטשריפט פאַר געזונדהייטס־פּראַגען

---

די אויפגאַבע פון „אונזער געזונד" איז:

די סאָציאַלע אורזאַכען פון קראַנקהייטען גענוי אָנצוצייגען;

צו לערנען פערהיטען קראנקהייטען. זעהר פיעלע קראַנקהייטען קען מען פערהיטען, אַפילו אין די ערגסטע אומשטענדען, אויב מען ווייסט ווי אַזוי צו לעבען;

צו לערנען זיך בעהאַנדלען אין איינפאַכע פעלע, כדי זיך איינצו־שפּאָרען, אַזוי ווייט ווי מעגליך, געלד פאַר דאָקטוירים און מעדיצינים;

אויפצוקלערען די לעזער וועגען די שווינדלער וואָס נאַרען זיי אָב, און אַזוי אויך איינשפּאָרען געלד די לעזער.

„אונזער געזונד" איז אַ לעבעדיגע, מאָדערנע, פּאָפּולערע, קעמפּפענדיגע צייטשריפט. זי שרעקט זיך נישט צוריק פאַר קיין שום געפאַהר ווען זי דאַרף אַרויסזאָגען דעם אמת און דערפאַר האָט זי זיך ערוואָרבען טויזענ־דער פריינד אומעדום, וואו עס זענען נור דאָ אידישע לעזער. זי ווערט געלעזען אין די פעראייניגטע שטאַאַטען, קאנאדא, זיד־אַמעריקא, ענג־לאַנד, פראַנקרייך, רוסלאַנד, רומעניען, זיד־אַפריקא.

די מעהרסטע פון איהרע לעזער זענען דורך איהר געוואָרען בעסערע, אינטעליגענטערע, געזונטערע מענשען.

זי איז אויך אייער פריינד, אייער וועגווייזער, אייער לעהרער.

„אונזער געזונד" ענטהאַלט אַרטיקלען וועגען:

טאַגעס־פּראַגען און קריטיק אין בעציהונג צו געזונדהייט און קראנק־הייט;

ווי אַזוי צו לעבען כדי צו בלייבען געזונד (וואָס צו עסען, וואָס צו טרינקען און אַזוי ווייטער);

ווי אַזוי צו זיין זיין אייגענער דאָקטאָר דאָרט וואו עס איז מעגליך;

ערקלערונגען און בעשרייבונגען פון קראַנקהייטען און זייער בע־האַנדלונג;

קינדער־פלעגע, — קינדער־קראַנקהייטען;

אַרבייטס־קראַנקהייטען און ווי אַזוי זיי צו פערהיטען;

געבורטס־הילפע;

דאָס נאָרמאַלע געשלעכטס־לעבען פון מאַן און פרוי;

געשלעכטס־קראַנקהייטען פון מאַן און פרוי;

געשלעכטס־לעבען ביי די קינדער און ביי דער יוגענד;

שווינדזוכט (קאָנסאַמפּשאָן) וועט זעהר אָפט און מיט בעזאָנדערער אויפמערקזאַמקייט בעשפּראָכען ווערען;

די בעשרייבונג פון אַלע טיילען פון קערפּער, אַנאַטאָמי און פיזיאָ־לאָגי;

מעדיצינישע באַנדיטען; שווינדלען פון מאַנכע זאָגענאַנטע עהר־ליבע דאָקטוירים; וועגען דראָגס און דראָגיסטען, — די שווינדלען מיט מעדיצינים; וואָס עס געהט אָן גוטעס און שלעכטעס אין דיספּענסעריס און שפּיטעלער; די אונגערעכטיגקייטען פון פּאַציענטען;

די פערעיינס־דאָקטוירים; די אַרבייטער־רינג־דאָקטוירים · וועגעטאַריזם;

וויכטיגע אויסציגע און איבערזעצונגען פון ביכער און צייטשריפ־טען;

די פּאָרטשריטע פון דער מעדיצינישער וויסענשאַפט; וואָס איז ניטצליך און וואָס איז שעדליך אין איהר.

די מיינונגען און די מעטאָדען פון די פערשידענע שולען פון מע־דיצין זענען דעם אידישען עולם אונבעקאַנט. „אונזער געזונד" ער־קערט זיי. (אַלאָפּאַטי, האָמעאָפּאַטי, אָסטעאָפּאַטי, נאַטוראָפּאַטי, קריסטיען סייענס עטצ.) וואָס איז אמת און וואָס איז ליגען אין זיי.

דאָס ענטפערען אויף פראַגען פון די לעזער, איז אַ בעזאָנדערס אינ־טערעסאַנטע און בעלעהרענדע רובריק.

די צייט־שריפט ענטהאַלט אויך אַן אינטערעסאַנטע אָבטיילונג מיט דעם נאָמען:

אַ ל ע ר ל י י
פּאַקטען און אידעען
ס ו ב ס ק ר י פּ ש אָ ן:

אין די פערייניגטע שטאַאַטען $1 אַ יאָהר, 10 סענט אַ קאָפּי.
אין אויסלאַנד, 1 ד. 25 ס. אַ יאָהר, 12 ס. אַ קאָפּי.
פּראָבע־עקזעמפּלאַר (סעמפּעל קאָפּי) ווערט געשיקט פריי.
אַדרעסע: 272 איסט 10־טע סטריט, ניו יאָרק.

---

„ד ע ר   ז ו מ פּ ף"
אַ דראַמאַ אין 4 אַקטען, פון ב. ליבער.

בעל מחשבות, דער גרעסטער אידישער קריטיק און מבין אויף לי־טעראַטור, שרייבט פאָלגענדעס אין דעם „וואָכענבלאַט", די ביילאַגע פון דער גרויסער וואַרשויער צייטונג „פריינד":

דאָס שטיק איז נישט קיין דראַמע אין געוועהנליכען זין. אַנשטאַט האַראַקטערען געפינט איהר אין איהם קאַריקאַטורען, און דאָך איז דאָס נישט קיין קאָמעדיע, נאָר גיכער אַ געמיש פון שארז און סאַטירע. ריין־סצעניש, איז דאָס שטיק אַ נייעס אין דער אידישער ליטעראַטור, דערמיט וואָס איהר האָט אין איהם סצענען, וואו עס שפּיעלט די מאַסע; אַ בילד פון אַנ'אמעריקאַנער פאָלקס־פערזאַמלונג, באַטש מעהר אין קאָרידאָר ווי אין זאַל; אַ בילד פון אַ אידישען קאַוויארנע אין ניו יאָרק. אין צענ־טער פון שטיק שטעהט אַ „העלד" נישט אין קאַמפּף פאַר אַ ליעבע, נאָר אין

